התלהבותדיקע עמאָציעס. וועגן בעל־מחשבות, שרייבט, דהיינו, דער באַוווּסטער ליטעראַטור קריטיקער ש. ניגער: „ער האָט געירשנט פון זיין זאַגערער פאָטער, ווי ער אַליין דערציילט, די ליטווישע קאָפּ־קלאָרקייט. דער ליטוואַק וואָס אין אים, האָט בעל מחשבות׳ן געטריבן צו זיין אַ דענקער, אַ לאָגיקער, אַ קריטיקער. פון זיין מוטער וועלכע האָט געשטאַמט פון פוילן, האָט ער געירשנט די גרויסע פאַנטאַזיע און דעם דראַנג נאָך בעלעטריסטיק״. הייסט עס, אַז אין פאַרגלייך מיט יידן פון פוילן, אָדער פון אַנדערע מקומות, פעלן אונדז, ליטוואַקעס, הרגשות פאַר דברים שבלב. האָבן אין לויף פון יאָרן זיך געשאַפן אַזוינע ליצנותדיקע שפּריכ־ווערטער, ווי: „אַ ליטוואַק האָט אַ ברייטן מוח און אַ דאַרע קישקע״. און היות ווי ער איז אַ חקרן, אַ קריטיקער, איז ער געוויס אויך אַ צווייפלער, און ממילא שוין אַ „געבאַפטער״, ניט קיין טיף־גלויביקער „צלם־קאָפּ״. ס׳זיינען אַנטשטאַנען אַזוינע אימפּאָזאַנטע פאָלקישע ווערטלעך, ווי: „ווען גלויבט אַ ליטוואַק — אַז ער ציילט דריי מאָל איבער״; „אין ליטע עסט מען יום כיפּור וואַרעמס״; „איך האָב געזען גיין צוויי יידן און אַ ליט־וואַק״, אָדער: „ווּ אַ ליטוואַק זיצט, דאַרף מען דעם אָרט אויסברענען״, אָדער: „אַ ליטוואַק טוט תשובה נאָך איידער ער האָט געזינדיקט״.

וואָס שייך דעם אורשפּרונג פון די לצנותדיקע ווערטלעך זיינען זיי געוויס פאַרבונדן מיטן פּיליאָריקן פלאַקער פון חסידיש־מתנגדישן קאַמף; מיטן רוגז מצד דער פּויליש־גאַליציאַנער חסידישער באַוועגונג קעגן דעם שאַרפן ליטוואַקישן אָפּוואַרף פון דער חסידישער מיסטיק און דעם בלינדן גלויבן אין „ווייטן קוק״ פון רביים ווי אַן עם־הארץ׳דיקע פעלשונג פון דער תורה און אַפילו ווי אַן עבודה־זרה. אָבער צו דער זעלבער צייט מאַרקירן די דערמאָנטע איראָנישע גוזמא׳דיקע קאַלאַמבורן אַ געוויסע פאַרערונג פון די כאַראַקטער־שטריכן פון ליטווישן טיפּ יידן.

פיקסירטע כללים אָדער פאַראַלגעמיינערונגען וועגן דעם מהות און תמצית פון פעלקער זיינען מייסטנס פאַרבלענדעריש, ווייל אין אַזוינע פאַלן, אורטיילן מיר ניט לויטן שכל, נאָר לויט אונדזערע עמאָציעס און איינגעפלאַנצטע אימאַזשן. אין אמת׳ן איז דאָס זעלבע פאָלק אַ גאָר אַנדער פאָלק אונטער אַנדערע אומשטענדן. און אַפילו אונטער די זעלבע אומשטענדן, זיינען די אונטערשיידן צווישן איין שיכט פון פאָלק און דעם צווייטן קאָלאָסאַלע. אַז ליטווישע יידן האָבן פאַרערט תלמידי־

חכמים איז אַן אמת. ניט געווען כמעט אַ ליטוואַק, וואָס האָט ניט געחלומט פון זיך איינקויפן אַן איידעם, אַ לערנער. אַן „איידעם אויף קעסט" — איז געווען אַ מין אינוועסטיציע פאַר עולם־הבא, אויף אַזוינס, אָבער, האָבן זיך נאָר געקענט דערלויבן די מער פאַרמעגלעכע. דער עמך־ייִנגל האָט געמוזט באַלד, נאָך די ערשטע פּאָר חדר־יאָרן, זיך לערנען אַ מלאכה. די קולטור פון עמך איז באַשטאַנען פון אייניקע חומש־מעשיות, דעם טייטש פון אַ פּאָר פסוקים, אָדער עטלעכע שורות פון „חיי אדם". איז די קאָנקרעטע באַציאונג פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן צו גמרא־פלפולים און דקדוקי־עניות פרומקייט, געווען, אַ דואַלע: פון איין זייט, מיט אַ קוק ווי צום „אויבערשטן פון שטייסל", פון דער צווייטער זייט, מיט אַן אָפּטער בייסיקער איראָניע, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַזוינע אַפאָריזמען ווי: „באַנק־קוועטשער"; „רש"י מאַכט און מאַכט און מען גייט פאָרט באָרוועס און נאַקעט"; „ווו איז תורה דאָ איז קראַכמאַל מיט ריינע דזשעגעכץ"; „גאָט האָט ליב דעם אָרעמען און העלפט דעם נגיד"; „אמרו לאלוהים, רעד צו דער וואַנט", אָדער „צו וואָס גלויבן, אַז עס זיינען דאָ אויגן", א. אַ. וו.

אַחוץ עטלעכע גרעסערע ישובים, האָט דער רוב ליטווישע ייִדן געוווינט אין גאָרזד־ענלעכע שטעטלעך: אין דער פּעריפעריע פון יעדער פון זיי און אין אַ מרחק פון נאָר עטלעכע צענדליק קילאָמעטער האָבן זיך געפונען אַ צאָל אַזעלכע ישובים. אָבער די פאַרבינדונגען צווישן זיי זיינען מייסטנס געווען זעלטענע: אַ מגיד אַמאָל, אָדער אַ משולח פון אַ שטעטל ווו ס'איז פאָרגעקומען אַ שריפה. פאַר דעם זעלטענעם „עמעצן אנדערש" האָט מען געזאָגט „אַ גאַסט אין שטעטל". אפשר ווייל די קליינע דירות מיט מייסטנס מטופלדיקע משפחות זיינען געווען צו ענג אויפצונעמען געסט: דערהויפּט אָבער ווייל עקאָנאָמיש, איז יעדע שטעטל געווען פאַרבונדן כמעט אויסשליסלעך מיטן אַרומיקן דאָרף. פלעגט מען אָפּט ריידן פון שטעטלעך ניט ווייט פון גאָרזד, ווי פון ריטעווע, לויקעווע, שקוד, סאַלאַנט אָדער פלונגיאַן, ווי פון ווייטע מקומות: פון שאַוועל אָדער פּאָנעוועזש האָט מען געשמועסט ווי פון ווייטע מדינות. הגם מיטן זעלבן לעבנס־שטייגער ווי די צווייטע האָט יעדע שטעטל, מחמת איר אָפּגעזונדערקייט, זיך געיחוסט מיט אירע מעלות: די אַנדערע האָט מען אָפּט דערמאָנט מיט אַ ביטול אָדער אָנגעקלעפּט אויף איר דהיינו אַזעלכע

ווערטלעך ווי: „אין פּאַמפּיאַן קרייען די חזירים״; „אויב קרופּניק איז אַן אכילה איז איישישאַק אַ קהילה״; „פון שקודער פּאַרפּל־צימעס קען מען קיין ווטשערע ניט מאַכן״; „אַ גאַרזדער פערד־גנב האָט אויך מורא פאַר גאָט״; „ ווען ניט די לוקניקער וואָלטן די שקצים קיין שטיינער ניט געוואָרפן״; „קעלמער ציגן קענען אויך אַ בלאַט גמרא״; „דער גרעסטער נגיד אין ווייגעווע האָט ניט מיט וואָס שבת צו מאַכן״.

ד״ר הערשעל מאיר

# אייניקע זכרונות
# פון אונדזער גאָרדזער היים און שטעטל

שוין פאַרביי מער ווי אַ האַלבער יאָרהונדערט זינט איך האָב סוף 1921 פאַרלאָזן גאָרזד — דאָס שטעטל פון מיין קינדהייט און ערשטע יוגנט־יאָרן, ווען איך בין אַרויס פון שטוב אין אַ פּראָסטיקן דעצעמבער־פרימאָרגן מיט אַ שווערן קאָרב ביכער און אַ פּעקל געטרוקנטע סוכאַרעס און פלוימען, וואָס די מאַמע איז באַשטאַנען, איך זאָל אומבאַדינגט מיטנעמען פאַר דער דאַמאָלטיקער לאַנגער ים־רייזע קיין אַמעריקע.

זינט דאַן שוין אַ סך געזען, געהערט, געלערנט און נאָך מער שוין פאַרגעסן, אָבער ניט דערפון, וואָס אונדזערע חכמים האָבן אָנגערופן גרסא דינקותא. די איינדרוקן וואָס אונדזערע, נאָך פרישע חושים און נאָך יונגע פּלאַסטישע מאַרך־צעלן זאַפּן אין זיך איין, בלייבן ווי איינגע־קאָרבט. זיינען טאַקע דעריבער די זכרונות פון עלטערע מענטשן פון ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק, אָפט ווייניקער בולט ווי די, ווי פון די שוין גאָר ווייטע נעכטנס. מען דאַרף נאָר אַ פּלי טאָן מיט האַלב־פאַר־מאַכטע וויעס צו אַ ווינקל פון אַן אַמאָליקן היימישן געסל, זיך דערמאָנען אין עמעצן, וואָס האָט אַ גלעט געטאָן אונדזער קינדעריש קעפּל, און עס נעמען אויפטויכן און זיך אַרויסוויקלען, ווי פון אַ נעפּל, רייען פּנימער בילדער, געשטאַלטן, קולות, קלאַנגען, ניגונים, פון דעם פאַרשוווּנדענעם אַמאָל: זיי ציִען און נאָגן אונדז מיט דער אומענדלעכער בענקשאַפט צום אייביק אייגענעם, גרוזאַם־פאַרשניטענעם מזרח־אייראָפּעישן יידנטום.

*

געווען אַ שטעטל אין וועלכן די גרעסטע טייל יידן האָבן געלעבט אין אָרעמקייט און דאַגות פרנסה: אין מיין היים, מיט באַזונדערע זאָרגן און שוועריקייטן, מחמת דעם טאַטנס שלעכטן פיזישן צושטאַנד. אָבער אַנ־שטאָט הכנעה׳דיקייט, האָט מען די אָרעמקייט געטראָגן מיט אַ געוויסע חשיבות און אַפילו גדלות, ווי עפּעס, פאַר וואָס מען וועט שפּעטער דערפאַר באַלוינט ווערן, אָדער מיטן בטחון, אַז מען וועט פון דעם אויס־געלייזט ווערן. ווען זאָרג און אומעט פלעגן ווי אַ וואָלקענדל פאַרציִען

טאַטע־מאַמעס פנימער, פלעגט מען שטאַרקן דעם געמיט מיטן אָוועק־
שאַרן עס מיט אַ פסוק, אָדער אַ טרייסט־וואָרט...

*

אַ שטעטל פון מייסטנס פאַרהאָרעוועטע טאַטעס און מאַמעס, פאַר־
נומען מיטן עול פרנסה, מיט אויסהאָדעווען קינדער — אַמאָל אין געוויין
ביים געזעגענעם זיך מיט אַ זון, אַ טאָכטער, אַמאָל מיט פאַרסאַפּעטע



איצע פאלקעס — שואב המים

הערצער צו דער פאַסט נאָכן אויסגעבענקטן בריוול פון אַמעריקע... יידן, מיט פון ווינט און וועטער־געקאָרבטע פנימער, מאַזאָליעסדיקע הענט, געזונטן פאָלקישן וויץ און הומאָר מיט דער שפּראַך פון זייערע מלאכות; אָדער מיט רייד פון וועגן און שליאַכן צו דערפער, פון האַמערן פאַדקאָוועס, שטאַנגען, קלעצער און פון שלעפּן משאות. דאָ און דאָרטן אויך אַ געמיטלעך פנים פון אַ „פני־העיר", אָדער פון אַ גמרא־לערנער מיט ווייכע פוכיקע הענט, אויפן פנים פון וועלכן עס פלעגט נאָך הויערן אַן איפּכא מסתברא פון אַ ניט פאַרענדיקטן פלפול.

אין גאָרזד זיינען געווען צוויי מינים קבצנים: — די וואָס האָבן יאָ, אָדער ניט געהאַט אַ מעלקנדיקע ציג. די יעניקע ווי מיר, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ קו און אַ שטיקל גאָרטן, זיינען שוין פאַררעכנט געוואָרן פאַר „גבירים". פלעגט די מאַמע צומאָל צעטראָגן קענדלעך מילך צו אַן אביון, אַ חולה, אָדער אַ משפחה מיט אַ סך קליינע קינדער, אָבער אָן אַ ציג.

דערמאָן איך זיך מיט וואָס פאַר אַ גליקזעליקייט טאַטע־מאַמע פלעגן אין שפּעטן האַרבסט ריידן צווישן זיך, אַז „מען איז שוין פאַרזאָגט פאַרן ווינטער מיט מעל, האָלץ און בולבעס. „הונגערן וועט מען שוין ניט" — פלעגט די מאַמע זאָגן, און דערביי באַמערקן, אַז אַחוץ דעם, דאַרף מען אָבער אויך האָבן אַ קלייד, אַ שוך פאַר דער משפחה פון זיבן נפשות און שכר־לימוד פאַר די קינדער, (אָשר דער עלטסטער איז שוין געווען אין אַמעריקע).

מיט אַ באַזונדער ליכטיקייט שיינען אַרויס פאַר מיר די פאַרשיידענע, צו ערשט לייכטע, און נאָכדעם שווערערע, טועכצן מיינע אַרום דער שטוב פון די ערשטע „חדר"־יאָרן אָן. (פון דעם מיין אמונה־שלימה, אַז באַטייליקונג אין פּראָדוקטיווער אַרבעט איז פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ קינד פון קאַרדינאַלער וויכטיקייט). דאָס לויפן אין שטאַל עטלעכע מאָל אַ טאָג אין ווינטער, פיטערן די קו, איר אַרויסלאָזן אין די זומער־פרימאָרגנס אויפן פעלד, ווו עס האָט שוין געוואַרט יאַנאַס דער פאַסטוך: דער צעגראָבן און באַמיסטיקן אין פרילינג דעם גאָרטן, דאָס פאַרזייען, (דאָס איז אויך געווען מיין עלטערע שוועסטער איידל׳ס אַרבעט): דער טראָגן פון ברונימער נאַשצעס מיט עמערס וואַסער צו באַגיסן די בייטן אין חדשים פון טריקעניש; דער ריח פון דער שוואַרצער ערד, דער ווונדער פון אויפגייענדיקע שפּראָצונגען. דער מאַמעס אונטערזינגען

אליקום צונזערס „אין דער סאָבע ליגט די מזל־ברכה", ביים אַרונטער־נעמען און צונויפקלויבן אין האַרבסט די בוריקעס, די מערן, קירבעסן, די ציבעלעס און די קרויטן: דאָס שטעלן די אוגערקעס אין פעסלער פאַרן ווינטער, דאָס אויסגראָבן די קופּקעס בולבעס, יעדע פון זיי ווי אַ געווינס, אָדער אַ מתנה פון דער ערד.

*

געוויס ווירקן די מאַטעריעלע אומשטענדן אין וועלכע מיר האָבן געלעבט אין אונדזער קינדהייט אין דער פאָרמאַציע פון אונדזער כאַראַקטער. אָבער מער פון אַלץ ווערן מיר געפורעמט פון די געגעבענע ווערטן און האַנדלונגען פון די דערוואַקסענע אַרום אונדז: פון דער האַרציקייט, געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט צווישן אייגענע, פון דעם מין עמאָציעס און געפילן, וואָס זיי אַנטפּלעקן צו אַנדערע ווי פון דעם קאָלאָריט און אַראָמאַט פון לעבנס־שטייגער בכלל. פון דעם ווערן מיר געשטעמפּעלט אויפן גאַנצן לעבן.

געוועזן אַ סדר מיט איינגעפונדעוועטע מידות, טראַדיציעס און מנהגים. אַ שעפּטשען פון דער מאַמען, אַ וואָרט, אָדער אַפילו נאָר אַ קוק פון טאַטן, איז געווען פאַר אונדז, קינדער, גענוג כדי צו פילן און באַנעמען וואָס איז שיין, אָדער העסלעך, פאַלש, אָדער ריכטיק, גוט, אָדער שלעכט... — די געמיינזאַמע טראַדיציעס האָבן געשאַפן אין שטעטל׳שן פאָלקישן ציבור אַן אַטמאָספער פון זיך שעמען פאַרן צווייטן מיט דעם וואָס „פּאַסט ניט", וואָס איז „ניט שיין" אָדער אומווירדיק. מען האָט געוואָלט גושא־חן זיין, ניט פאַרשעמט, אָדער פאַראַכטעט ווערן פון אַ צווייטן: מען האָט געוואָלט אָנטיילנעמען אין צווייטנס פריידן, אָדער ליידן. דער „איך" אין שטעטל האָט זיך אָפּט געשפּיגלט אין דעם „דו". די געמיינשאַפטלעכקייט, דער אָרגאַנישער פאַרבינד מיט דעם אַרום, אָט די פאָלקישע היימישקייט האָט אויף דער קינדערשער נשמה געהאַט אַ פילפאַכיקע גוטע ווירקונג.

אַ פאַרבונד, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר שטעטלדיקע האָט זיך אויסגעדריקט אין דער וואַרעמער באַציונג פון גאָרדזער אין אַמעריקע צו זייערע לאַנדסמאַנשאַפטן, אין דער נאָסטאַלגיע צו זייער שטעטל, און די הילף וואָס זיי פלעגן שיקן צו אירע נויטבאַדערפטיקע פון זייערע נאָך דעמאָלטיקע מאָגערע פאַרדינסטן.

*

גאָרזד איז באַשטאַנען פון אַ מאַרק־פּלאַץ, אייניקע זייטיקע געסלעך און דער לאַנגער טאַמאַזשנע־גאַס, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן ביי די קאַזאַרמעס ביים סאַמע גרענעץ מיט דייטשלאַנד. דאָרט האָבן געוווינט די רייכע יאַוושיצעס, (וואַלד־אַרענדאַרן, וועלכע האָבן געליפערט מאַסן געהילץ צו דייטשע צעלולאָזע־פאַבריקן) און נאָך אייניקע באַמיטלטע סוחרישע פאַמיליעס. אַרונטערצו האָט די טאַמאַזשנע־גאַס געניטערט אין דעם אַזוי גערופענעם „געסל". דאָרט האָבן געוווינט, אין שכנות מיט אַרומיקע קרומלעכע געזעמלעך הייזקעס, בעלי־עגלות, קאַראַבעלניקעס, דאָרף־גייער, שוסטערס, שניידערס, בעקערס, בלעכערס, און אַנדערע בעלי־מלאכות. געווען אויך דאָרט אַ גאַרבערײַ און אַ שמיד מיט אַ קוזניע. אַרום דעם ברייטן מאַרק־פּלאַץ האָבן זיך געפונען אַ שענק, אַן אַפּטייק און עטלעכע שפּייז, אייזנוואַרג און שניט־קראָמען. אין דאָנערשטיקן מאַרק־טאָג פלעגן קומען פויערים אין וועגענער דאָרט פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן און איינקויפן זייערע באַדערפענישן. נאָך דעם דערבייאיקן קלויסטער וועלכן מען האָט אָנגערופן „די טיפּלע" איז מען שוין געווען „אויסערן שטעטל".

פון פאָרנט האָבן די הייזקעס פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ שטעטל: הינטער זיי, — מיט די ציגן, די הינער, געהעפטלעך, און שטעלעכלעך, האָט עס אויסגעזען ווי אַ דערפל. אָבער אין שפּעטע שטילע לבנה־נעכט, פלעגן די שורות שטיבלעך זיך פאַרוואַנדלען אין שווייגנדיקע געהיימניס־פולע, איינע מיט די אַנדערע זיך טוליענדיקע, געשטאַלטן, אין אַ מין מורא פאַר דעם ווייטן קאַלטן חלל אַרום.

אַ שטעטל, אויף וועלכע די צייט, ווי עס האָט זיך מיר געדוכט, האָט ניט געהאַט קיין שליטה: אַ שטעטל אין וועלכער דער גלגל החוזר פון לעבן איז זיך רואיק געפלאָסן מיטן בייט און גאַנג פון די סעזאָנען, אַזוי ווי די שטילע, גאַרנישט־מאָנענדיקע קאָנטעמפּלאַטיווע ליטווישע לאַנד־שאַפט מיט שומרנדיקע אָזערעס, פאַרטראַכטע ווערבעס, סאָסנעס, בע־ריאָזע־בוימלעך, אירע גרינע לאָנקעס, סעדער, גערטנער, און די מיט קאָסעס, אַקעראייזנס און גראַבליעס אַרומגערינגלטע שטרוי באַדעקטע פויערישע באַטקעס.

ס'דערמאָנט זיך דאָס טרעשטשן פון די מיט תבואות אָנגעלאָדענע

וועגענער אויפן וועג קיין מעמעל, (הײנט קלײפּעדאַ), דער הײזעריקער „וויאָ" פון די פורמאַנעס, דער קנאַק פון זייערע בײטשן, די פונקען אויפן שטײנערנעם ברוק פון די פערדישע פּאַדקאָוועס. — די יונגען מיט די לאַנגע שטעקנס, וואָס פלעגן קירעווען די לאַנגע פליטן קלעצער אויף דער מיניע; — דער לאַנגער לאָקאָמאָטיוו־פייף פון דער אַוועקפאָרנ־דיקער לויגאַלער באַן, ווי אַ רוף פון וואַרטנדיקע ווייטע וועלטן: — דער ערב־שבת׳דיקער טאַק־טאַק פון די האַקמעסערס אויף די פיש ברעטלעך: דער וואַרטן פון די בעלי־עגלות פאַר דעם זיך „שטעלן פון וועג", ווען די האַרטע קרומע גרודעס, אין ווערלכע די בלאָטעס פלעגן פאַרפרירן, זאָלן שוין באַדעקט ווערן מיט אַ דיקן שניי...

*

עס דערמאָנט זיך די טריבע, טריפנדיקע, ווײנענדיקע ליטווישע אָסיען־טעג: די קינדערשע פּיסלעך כאַראַבריש שפּרינגענדיק פון איין שטײן צום צווייטן, צווישן די אַרומיקע זיך בלעזלענדיקע בלאָטעס: און דער פּלוצימדיקער אַרײנפאַל אין אַ מוטנער וואַסערדיקער קאַלוזשע... אַרײנקומענדיק אַ צעווייקטער אין שטוב, דער מאַמעס אויסרוף: „איידל גיב נאָר אַ קוק אויף די הויזן, וואָס מען האָט דעם תכשיט געקויפט פאַראַיאָרן אויף פסח, און זיינע שיך ערשט ניט לאַנג באַזוילט און שוין ווידער צעלעכערט, אַן אמתער מזיק, קורח׳ס אוצרות וועלן ניט סטײען פאַר אים": און באַלד מיך אויסגעטאַן, אַוועקגעשטעלט אויף אַ בענקל בײם אויוון אויסטריקענען, און מיך באַפּוילן אויסטרינקען אַ גלאָז טיי מיט אַ ביסל אײנגעמאַכטס איך זאָל חלילה זיך ניט פאַרקילן...

די לאַנגזאַם זיך ציענדיקע ווינטער־אָוונטן: דער שימער פון קעראַ־סין־לאָמפּ אויף די ווייסע פּאַראַייזיקטע שויבן פון די פענצטערס; אין דרויסן דער סקריפּנדיקער טראָט אויפן פאַרפראָרענעם שניי; אין שטוב דער פעריאָדישער שאָרך פון דער גריל, (וועמעס ווינטערדיקע באַהעל־טעניש אַרום אויוון מען האָט קיינמאָל ניט אַנטדעקט) דער דאַך פון שטיבל קרעכצט פון צייט צו צייט, ווי עס וואָלט אים געשורפּעט פון דער קעלט: „איבער דרייסיק גראַד" — זאָגט די מאַמע, ,שווער צו דערהייצן", ווען די היץ־כוואַליעס פון אויוון פלעגן דערגרייכן נאָר ביזן טיש. פאַרן שלאָפן גיין, פלעגט די מאַמע מיר געבן אַרויסטראָגן אַן עמער מיט אַ וואַרעמען געברייי פאַר דער קו און דער טאַטע: „פאַרגעס ניט איר



ר׳ גרשון ופרומה מאירוביץ

צוצודעקן מיט די שמאַטעס וואָס הענגען אין שטאַל און מיטנעמען אַ פּאָר קלעצלער האָלץ איינצוהייצן דעם אויוון אינדערפרי.

אין אַזעלכע אָוונטן, פּלעגט דער טאַטע אונדז דערציילן מעשיות, אַמאָל פון מדרש, אַמאָל פון זיינע יוגנט־יאָרן, און זיינע אויסטערלישע פּאַסירונגען אין די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט אין די דעמאָלטיקע ווילדערנישן אין דער טראַנסוואַל פון דרום־אַפריקע: אַמאָל מעשיות וועגן ווילנער גאון: און דערביי אונטערשטרייכן דעם פאַקט אַז ער איז געווען אַ מומחה אין אַסטראָנאָמיע, און אַז מען קען שטודירן וויסנשאַפט און צוגלייך פעדערן די תורה. ער פלעגט אויך רעדן פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער, דעם גרינדער פון דער באַוועגונג צו דערגרייכן העכערע מאָראַלישע מדרגות דורך מוסר. אָבער נאָך זיין אייגענעם זון, יום טוב ליפּמאַן, פלעגט דער טאַטע באַמערקן, האָט דער סאַלאַנטער געמוזט זיצן שבעה, ווייל ער איז אַרויס לתרבות רעה: ער האָט פאַרלאָזן די ישיבה, אַוועק קיין דייטשלאַנד און איז געוואָרן אַ פּראָפעסאָר פאַר מאַטעמאַטיק. אויך וועגן יהודה לייב גאָרדאָן און אברהם מאַפּוס „אהבת

ציון״, פלעגט דער טאַטע רעדן מיט גרויס באַוווּנדערונג.

די מעשיות וועלכע אונדזערע זיידעס פלעגן דערציילן, זיך וואַרעמענ־דיק אין די קאַלטע ווינטער־אָוונטן ביים בית־מדרש אויוון. אמתע מעשיות, וועגן די „כאַפּערס״, וואָס פלעגן צונעמען קינדער פון דער יידישער אָרעמקייט פאַר דער צאַרישער מאַכט, שיקן זיי אין די ווייטע מקומות און מאַכן זיי פאַר סאָלדאַטן: די פאַנטאַסטישע מעשיות וואָס זיי פלעגן שפּינען, וועגן צדיקים און רשעים, קליפּות און גלגולים און געפּערלעכן אַשמדאי האָבן מיך געשראָקן, אָבער געוואָלט אַלץ מער הערן און הערן... אויך מעשיות וועגן באַקאַנטע מענטשן פון שטעטל, וועלכע האָבן זיך געטראָפן מיט מתים, שדים, אָדער „ניט גוטע״.

אין אָסיען און אין ווינטער, איז די גרויסע שול געווען פאַרמאַכט. די פיל שויבן און אירע גרויסע פענצטערס פלעגן אין לבנה־שיין פינקלען ווי אינעווייניק וואָלט זיך עפּעס באַוועגט. האַלבע נאַכט, האָט מען געזאָגט, קלייבן זיך דאָרט צונויף די מתים און פראַווען תיקון־חצות — אויפרו־פענדיק פאַרבייגייענדיקע פאַר אַן עליה. דאָס איז פאָרגעקומען, האָט מען דערציילט, מיט ר׳ גרשון־פייוועו. ער האָט זיך געווערט, אָבער ענדלעך זייער רוף געמוזט אויספאָלגן. — און זינט דאַן, האָט מען געזאָגט, איז ער געוואָרן אַ שווייגענדיקער. אַליין אין דער פינצטער פאַרבייגיין די שול, האָב איך שוין ניט געוואָגט...

עס דערמאָנען זיך אויך די דרשות פון מגידים צווישן מנחה און מעריב אין דעם שוין האַלב־טונקעלן בית־מדרש. פאַר מיר האָט זייער אינהאַלט ווי דעם מגידס פאַנטעמינעס, דער הייב און דער פאַל פון זיין ניגון, פאָרגעשטעלט אַ מין דראַמאַטישער רוף זיך צו ראַטעווען מיט זיך מוסרן און תשובה טאָן. זיי פלעגן מיך אי שרעקן, אי גלעטן, אי וואָרענען מיט מוראדיקע גהינום־שטראָפן אי טרייסטן מיט משלים און מדרש־מעשיות. ביים סוף פלעגן זיי אינסצענירן אַ „העפּי־ענדינג״ באַגלייט מיט אַ „בא לציון גואל...״, פון וועלכער איך פלעג אָפּעטעמען מיט אַ פרייען געמיט.

די ביים פענצטער פלאַטערנדיקע, אויף אַ ציגל אָנגעשמעלצטע חנוכה־ליכטלעך. דער שטאָלץ מיט די חשמונאים, די בענקשאַפט נאָך יענע צייטן, מיטן טאַטנס טראָפּ אויפן „בימים ההם״ ביים בענטשן די חנוכה־ליכט. דער „מעוז צור״ מיט די חנוכה־דריידלעך, און די בולבעס־

לאַטקעס, מיט גענדזענע שמאַלץ, אונדזער שווייגנדיקע וואַרטעניש פאַרן חנוכה־געלט, און דער ציטער פון אַלטן זיידנס הענט בעת ער פלעגט פאַר אונדז אויסציילן די עטלעכע קאָפּיקעס...

*

דאָס לויפן צו דער וואונדער־וועלט פון „חדר" — צו די בליצן און בראַנדן פון באַרג סיני מיטן דונער פון די עשרת־הדברות, דעם רבינס זינגענדיקן פּאַרטייטש פון משה׳ס וווּנדערלעכן „האזינו שמים" — „געדענק די טעג פון פאַרצייטן, באַטראַכט פון דור־דורות די יאָרן": — הערן דעם שאַלן פון די שופרות אַרום די ווענט פון יריחו, זיך רימען מיט שמשון הגיבור לעצטע נקמה פון די פלישתים, — באַדויערן שאול׳ס און יונתן׳ס פאַלן אויף די בערג פון גלבוע, — פעכטן מלחמות מיט דוד׳ס גבורים, — פליען אין געבראַזג פון שטורעם־ווינט מיט אליהו התשבי אין הימל אַריין אין אַ פייערדיקן רייט־וואָגן און פייערדיקע פערד, — אויסטייטשן מיט דניאל׳ן דעם „מנא תקל ופרסין" אויף דער וואַנט פון בלשצר׳ס פּאַלאַץ — דאָס אַלץ און ס׳האָט מער אויסגעזען פאַר מיר קלאָרער, מער נאַטירלעכער און פאַרשטענדלעכער, ווי די ווירקלעכקייט פון טאָג־טעגלעכן אַרום.

שפּעטער דאָס שמעלצן אויפן שטענדער פון דער חלב־ליכטל, מיט אונדזער אָוונטיקן זינג־זאַנג ביי די גמרות. דער ראש־הישיבה שפּרייזט אַ פאַרטראַכטער הין און צוריק צווישן די שאַטנס פון בית־המדרש. אָבער מיט זיינע שאַרפע חושים פלעגט ער באַלד דערשפּירן ביי וועלכן שטענדער עס גייט ניט גלאַטיק און ער דאַרף צוגיין פאַרענטפערן קלאָץ־קשיות...

*

דער אָנקום פון פרילינג, דער קראַכן פון די אָפּגייענדיקע קריעס אייז אויף דער שוין שטראָמענדיקער מיניע: די ספקות פון די פורמאַנעס „צי די הילצערנע בריק אויפן טייך וועט אויסהאַלטן די אייז־קלעפּ", — די פורימדיקע שלח־מנות׳ן וועלכע די מאַמע פלעגט מיך שיקן אַוועקטראָגן צו עטלעכע הייזער, און די ערשטע צום רב: אַ טעלער, איבערגעדעקט מיט אַ טישטעכל, אונטער וועלכן עס זיינען געווייינטלעך געלעגן שטיקלעך קוכן, אַ טאָוול שאָקאָלאַד און אַן אַפּעלסין, וואָס מען האָט געבראַכט פון מעמעל; „אָבער זאָלסט ניט זיין קיין זולל וסובא׳ניק", — פלעגט זי מיר

וואָרענען „און אויפן וועג פון קיין זאַך ניט נאַשן״. אויף דעם זיינען מיר קליינע חברה געווען גרויסע בריה׳ס.

די ערב פסחדיקע איבערקערעניש: דער כאַדאַראַם אין שטעטל מיטן כשרן די כלים, דאָס סקראָבן, קראַצן און וואַשן יעדן שפּעלטל פון שטויב און חמץ. דער טראָגן צו פייטען דעם שמש דאָס לעפל מיט ברעקלעך ברויט צו פאַרקויפן דעם חמץ פון גאַנצן שטעטל צו אַ גוי... די ערנסטקייט ביים פרעגן די פיר קשיות, ביים ציילן פרעה׳ס מכות, ביים „שפוך חמתך״, ביים עפענען די טיר פאַר אליהו הנביא; די שמחה און געלעכטערס ביים אַנטדעקן, ווער עס האָט געגנבעט דעם אפיקומן. יעדער קאַפּיטל פון דער הגדה האָט געהאַט איר באַזונדערע מעלאָדיע. דעם טאַטנס הויכפּונקט איז געווען די „„מי יודע׳ס״ מיטן „„אחד אלוהינו...״ די געזאַנגען פלעגן זיך טראָגן פון אַלע הייזער. ביים שיר־השירים, האָט שוין יונגוואַרג שפּאַצירט אין געסל אונטערן שיין פון אַ פריש אויסגעצוואָגענער לבנה

די שבתדיקע בין השמשות׳ן זיינען געווען פאַר מיר געהיימניספולער ווי אַלע אַנדערע פאַרנאַכטן. ווען עס פלעגט נעמען טונקלען פלעגט דער טאַטע פאַרמאַכן די גמרא, אַדער דעם משניות, און אָנהייבן ברומען, אַזוי ווי פאַר זיך, אומעטיקע ניגונים.

נאָכן לייענען די „צאינה וראינה״ פלעגט די מאַמע בלייבן זיצן ביים פענצטער אַ פאַרחלומטע. דער דרויסן, דער הימל און אַלץ אין שטוב, האָט אַזוי ווי וויברירט מיט אַ צאַרטן רחמנות אויף דעם וואָס האַלט אין פאַרשווינדן און מיט אַ ציטער פאַר דעם וואָס קומט אָן. ווען ס׳איז געוואָרן פינצטערלעך, פלעגט די מאַמע אַ זיפץ טאָן און אָנהייבן מורמלען „ווען דער ליבער שבת־קודש גייט אַוועק... די וואָך קומט אָן מיט אירע זאָרגן״, און דאַן מיט אַ העכערן קול, דעם „גאָט פון אברהם פון יצחק און יעקב, באַהיט דיין פאָלק ישראל״. דאָס אָנצינדן די ליכט, דאָס מאַכן די הבדלה, די פּלוצעמדיקע פרייליכע „גוט וואָך״ — אויס־רופן, האָבן מיך אויפגעוועקט ווי אַ קאַלטער שפּריץ...

*

צוויי לאַנגע טישן זיינען געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון בית־המדרש: איינער ביי דער דרום־וואַנט פאַר די גמרא־למדנים, און אַ צווייטער ביי דער פון איר ווייטער צפון־וואַנט,פאַר בעלי מלאכות, פורמאַנעס און אַנדערע עמך־מענטשן. שבת פאַר מעריב אין די בין־השמשות־שעהן,

פלעגן זיי דאָרט זיך פאַרזאַמלען פאַר אַ תהילים־זאָגן סעסיע. ס׳איז אָבער ניט געווען קיין סתם „זאָגן" נאָר אַ מין שטראָמיקער השתפכות הנפש. דער ניגון, דער ריטם, די טאַנאַליטעט האָט ניט געטראָגן קיין כאַראַקטער פון אַ תפילה, נאָר פון אַ זיך אויסטענהן מיט דאָס מענטשלעך גורלדיקע: פון אַ זיך אויסריידן פון אַלץ און אַלעמען וואָס נאָגט און דריקט אויפן האַרצן אין אַ צונויפגוס פון פאַרשידענע שטימען מיט די וואַרעמע תהילים׳דיקע בטחון און טרייסט־ווערטער. ביי געוויסע פסוקים — ווי „אדם כחציר ימיו כציץ השדה כן יציץ", פלעגן די שטימען פלוצ־לינג ווערן ברומענדיק, און מיט אַ ניגון, וואָס האָט אי זיך באַקלאָגט, אי אָנגענומען דאָס געמיינזאַם אומפאַרמיידלעכע. ביים זיך אויפשטעלן, נאָכן פאַרענדיקן, האָבן זיי מיר אויסגעזען ווי דערמוטיקטע, און גע־שטאַרקטע אַנטקעגן צו גיין דער אָנקומענדיקער וואָך.

*

די שוין קילע אלול־טעג, מיטן ריח פון צייטיקע עפּל און באַרנעס, ווען ניט נאָר פרומע יידן „נאָר אַפילו פיש אין וואַסער" האָבן אָנגעהויבן ציטערן. מיך האַלטנדיק ביים הענטל, פלעגט דער טאַטע מיך פירן, אין פינצטערע אלול פרימאָרגנס אין בית־המדרש אַריין צו סליחות. אינע־ווייניק, אַ געפלייץ פון ליכט, פול געפּאַקט מיט מענטשן וואָס שטייען מיט מחזורים אין די הענט ווי מאָביליזירטע חיילות: אַ מין צוגרייטונג, אַ מאַנעווערע פאַר די באַלד אָנקומענדיקע גורלדיקע ימים נוראים׳דיקע געפּעכטן מיטן רבונו של עולם.

דער יום־כפור׳דיקער כל נדרי־פּרעליוד: די איבער אַלע קעפּ אין דער לופטן הויערנדיקע געשפּאַנטע פּאַרכטיקייט: די לאַנגזאַמע פייער־לעכע Lamentoso־טענער פון די ערשטע כל־נדרי וואָקאַלן: ווי אַ גביית־עדות פון אַ גאַנץ פאָלק פון זיין אומענדלעך טראַגישן שיקזאַל, און צוגלייך אַ גליענדיקע מאָנונג. עס האָט זיך געדוכט, אַז די אַרומיקע ווענט, די הימלען און אַלע פאַרגאַנגענע דורות הערן זיך צו צום כל־נדרי געזאַנג.

פלוצעם דער איבערגאַנג פון רעציטאַטיוו, פון טראַגישן מינאָר צום פעסטן מאַדזשאָר — צום מוטיקן שטייגנדיק־אַנטשלאָסענעם „אַזוי וועט ניט בלייבן". דער „מי לחיים" — „מי למוות" דערגרייכט זיין קלימאַק־טישע פּאַזע, 24 שעה שפּעטער אין דער רירנדיקער „אַדאַזשיאָ קאַנטאַ־

בילע" פון נעילה געזאַנג: דער גאַנצער קהל, אין טליתים, מיט אויסגע־בלייכטע פּנימער פון פאַסטן, מיט פון אַלע חטאים שוין אויסגעקלאַפּטע ברוסטן, אין לעצטן רחמים־געבעט פאַר אַ יאָר פון לעבן, געזונט און פרנסה; און פאַרוואָס טאַקע קומט ער ניט אַרויס פון הינטערן פּרוכת פון ארון־קודש מיט אַן ענטפער, פלעג איך מיר אַלס קינד, פרעגן.

די מעלאָדיעס פון די ימים־נוראים תפילות, האָבן מיר נאָכגעפאָלגט מיין גאַנץ לעבן. זיי האָבן פאַר מיר פאַרגעשטעלט דעם אוניווערסאַל־מענטשלעכן געראַנגל קעגן דאָס חיות׳דיקע און באַרבאַרישע, מיטן פעסטן גלויבן, אין פינאַלן נצחון פון דאָס מענטשלעכע.

אונדזער יערלעכער קאַרנאַוואַל — די שמחת־תורה׳ס הקפות: אונדזערע קינדערשע פאַרגאַפונג זעענדיק געוויינטלעך ערנסטע, סטאַ־טעטשנע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, פּלוצעם מאַרשירנדיק טאַנצנדיקע און זינגענדיקע מיט אַ התלהבות אַרום דעם בית־המדרש באַלעמער: אין זייערע אָרעמס ספר תורה׳ס מיט באַגילדעטע סאַמעטענע מענטעלעך. זקנים מיט ווייסע בערד טאַפּשענדיק אָפּט מיט דער שווערער ספר־תורה מיט אַ טרער אין די אויגן. די שטופּעניש פון די אַרומיקע דערוואַקסענע צו כאַפּן אַ ספר תורה מיט אַ קוש. ניט קענענדיק עס דערגרייכן פלעגן מיר קינדער אויסשטרעקן אונדזערע הענטלעך די ספר־תורה אָנצורירן און נאָכדעם אַ קוש טאָן אונדזערע פינגער; ביים „הודו לה׳" פלעגן מיר אַלע אין איין קול אַרויסקומען מיטן געזאַנג „שרייען מיר אלע תמימה! תמימה! תמימה!".

*

די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונג פון שטעטלשע אַמאַטאָרן — „שווישפּילער" פון גאָלדפאַדענס „שולמית". דאָס גאַנצע שטעטל איז ווי אַרומגענומען געוואָרן פון די האַרציק פאָלקישע לידער און ניגונים פון דער פּיעסע; יונג און אַלט האָבן זיי יאָרן לאַנג נאָכדעם געזונגען.

די ערשטע ביבליאָטעק אין שטעטל. זיך צונויפגערעדט מיטן פאָלקס־שול לערער הורוויץ, צוזאַמענגערופן אַ צאָל יינגלעך און מיידלעך, צונויפגעקליבן אַ ביסל געלט — און באַקומען ביכער פון קאָוונע. די פרייד און פּיעטעט מיט וועלכע מיר האָבן געהאַלטן אין די הענט די נייע, שיין איינגעבונדענע בענדער פון מענדעלע מוכר ספרים, פון פּרץ, פון שלום עליכם, נאָמבערג, פרוג, פרישמאַן, דובנאָוו, אַנסקי, ביאַליק, בער־

דיטשעווסקי און אַנדערע — און מיט וואָס פאַר אַ הונגער מיר זיינען באַפאַלן זיי צו לייענען.

*

דאָס ערשטע און איינציקע עלעקטרישע לעמפּל אין שטוב, און מיין ניט וועלן זיך שיידן מיט דער וואַרעמער ליכט פון אַלטן געטרייען קעראָסין־לאָמפּ. מיין צופרידנקייט ווען מען פלעגט אים מוזן כסדר צוריק אָנצינדן, ווען די קאַפּריזנע עלעקטריקע, וועלכע איז געקומען פון אַ פּרימיטיווער מאַשינקע ביי דער מיניע, פלעגט אָפט קאַליע ווערן.

דער געלאָף מיט די „חדר"־יינגלעך אָנצוקוקן דעם ערשטן „וואָגן אָן פערד" וואָס האָט זיך אין שטעטל אָפּגעשטעלט. אַ שאָפער מיט בלאַנקע קנעפּלעך איז אינעווייניק געזעסן וואַרטנדיק אויפן אַרויסקום פון דאָקטאָר וועלכן ער האָט געבראַכט פון מעמעל צו אַ דערבייאיקן חולה־מסוכן. ער האָט אויף אונדז אַפילו קיין בליק ניט געוואָרפן, ווען מיר האָבן דעם וואָגן פון אַלע זייטן באַטאַפּט. ווען דער דאָקטאָר איז אַרויסגעקומען האָט דער וואָגן גענומען קלאַפּן, טראַסקענען ווי אין אַ קדחת מיט אַ שוואַרצן רויך: מורא האָבנדיק, אַז ער וועט עקספּלאָדירן, זיינען מיר זיך האַסטיק צעלאָפן: אונדזער פאַרוווּנדערונג, ווען מיר האָבן געזען ווי גלאַטיק ער איז זיך אַזוי אָפּגעפאָרן איז געווען אַ גרויסע.

*

די סאָציאַלע, קולטורעלע און פּאָליטישע שטרעמונגען און קאַמפן וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין די גרויסע יישובים פון ליטע אין משך פון יאָרן צווישן די מפיצי־ההשכלה און די רבנים, און נאָכדעם צווישן די פאָלקיסטן — ציוניסטן — סאָציאַליסטן — בונדיסטן, אַרבעטער און בעלי־בתים א. אַ. וו. האָבן אין קליינע שטעטלעך געפונען אַ גאָר קליינעם אָפּקלאַנג. אַ צייטונג איז אין גאָרזד נאָר אָנגעקומען צו אַ פּאָר אַזוי־גערופענע „באַלעזענע" אינטעליגענטן. ווען דער קליין שטעטלדיקער קלאַסן־קאַמף פלעגט פון צייט צו צייט אויפבראַוזן, פלעגט ער אויסגעפּאָכטן ווערן אין בית־מדרש ביים לייענען שבת די פּרשה פון דער וואָך: עמך פלעגט מיט אַ געפילדער און געברום פון קולות אָפּשטעלן דאָס לייענען, און וואַרפן ביטערע טענות און פּראָטעסטן קעגן די „פּני" פון דער מזרח־וואַנט. געוויינטלעך האָט עס זיך געהאַנדלט וועגן אומרעכטן

ווי די קאַראַבקע־טאַקסע אויף פלייש, וועלכע די אָרעמע פלעגן צאָלן אין דער זעלבער מאָס ווי די פאַרמעגלעכע.

*

אַ גרויסע אויפטרייסלונג אין שטעטל, פון וועלכער מיין דערמאָנונג איז אַ נעפּלדיקע, איז פאָרגעקומען בעת אַ פּאָקן־מגיפה אין די יאָרן 1907 אָדער 1908. עס זיינען געווען אַ סך קראַנקע און צווישן זיי אויך מיין שוועסטער איידל. וואָס מיר איז פאַרבליבן אין זכרון איז דער ריח פון קאַרבאָל אין שטוב, דער אַרומיקער פּחד און דער קלאָג נאָך די גע־שטאָרבענע.

קלאָר איז דאָס בילד אין מיין זכרון פון דעם שבת־פרימאָרגן אין אויגוסט 1914, ווען אַ צאָל מאָביליזירטע מענער פון שטעטל האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע פאַמיליעס אַוועקגייענדיק צום מלחמה־פראָנט. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט אין אבלות זיי באַגלייט ביזן בריק פון דער מיניע טייך.

אויך בעת'ן בייליס־פּראָצעס איז דאָס שטעטל אויפגערודערט גע־וואָרן: שבת בעת מען פלעגט לייענען די פרשה, פלעג איך אַ לויף טאָן פון בית־המדרש אַהיים אַ קוק טאָן די צייטונג, וועלכע פלעגט אין דער צייט אָנקומען. צוריק אין שול, פלעגן מיך באַלד אַרומרינגלען יידן אין טליתים, פרעגן וואָס קומט פאָר ביים קיעווער בלוט־בלבול פּראָצעס: דערהויבט האָט מען זיך אינטערעסירט ווי דער יידישער אַדוואָקאַט גרו־זענבערג פאַרטיקט זיך אָפּ אין געריכט מיטן צורר היהודים פּראַנייטיסן.

מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט געיובלט דאָס גאַנצע שטעטל. ס'איז באַלד געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט, מיטן דינאַמישן לערער הורוויץ בראש, כדי צו זאַמלען געלט פאַר קרן־קיימת: פרויען, מיידלעך האָבן בייגעשטייערט מיט פריידיקע פּנימער גאָלדענע רינגען, אוירינגלעך און אַנדערע חפצים. אַ גרויסע פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין הויף פון אַקערמאַנס הויז אויף טאַמאַזשנע־גאַס, וווּ הורוויץ, אַ פּאָר אַנדערע, און איך בתוכם, האָבן געהאַלטן פייערדיקע דרשות וועגן דעם היסטאָרישן ווענדפּונקט פאַרן יידישן פאָלק און די נויטיקייט צוצושטיין צו דער „פועלי־ציון" באַוועגונג.

*

פרנסה־פּראָבלעמען האָבן געטריבן סוף פון 19־טן יאָרהונדערט צענדליקער טויזנטער ליטווישע יידן אויסצוּוואַנדערן קיין אַמעריקע; אַ טייל זיינען אַוועק קיין דרום־אַפריקע, צווישן זיי מיין פאָטער און זיין ברודער פּאַלע. אָבער נאָך צען יאָר דאָרט פּראַצעווען און קרעמערן אין דעמאָלטיקן נאָך פּרימיטיוון טראַנסוואַל, זיינען זיי שלים־מזל׳דיק צוריק־געקומען קיין גאָרזד די זעלבע קבצנים ווי זיי זיינען אַוועקגעפאָרן. דער טאַטע האָט געמוזט אָננעמען אַ שטעלע ביי די יאָווישיצעס וועלכע האָט געפאָדערט פון אים צו פאַרבלייבן די גאַנצע וואָך אין ווייטע וועלדער, צו קאָנטראָלירן דעם סכום פון דעם געהילץ, וואָס די פּויערים האָבן אַרויסבאַקומען און זיי דערפאַר באַצאָלן.

היות ווי זיין שכירות איז געווען אַ מיזערנע, האָט די מאַמע געמוזט „צוקנעלן” מיט באַקן בייגל און דעם פאַרקויף פון ביסלעך מעל, צוקער און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן. געהאַלטן האָט מען דאָס אין דעם אַריינ־



בחתונת רחל לאם

גאַנג צימער פון אַ שטיבל נעבן מאַרק־פּלאַץ, אין וועלכער מיר האָבן דאָן געוווינט ביזן יאָר 1910. וואָס איך געדענק, ווי אַן עכאָ פון יענע ערשטער קינדער־יאָרן, איז דעם טאַטנס קומען אַהיים אויף שבת און די כסדרדיקע אומעטיק־פֿאַרזאָרגטע געשפּרעכן צווישן אים און דער מאַמען וועגן חובות. מען האָט ווייזט אויס, אויפגעגעסן מער, ווי דער באַטרעף פונעם רווח פון איר בידנער לייזונג. ס׳איז ניט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן די חובות, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן, פאַר די פּראָדוקטן, וואָס אַנגראָ־הענדלער האָבן איר געליפערט.

איינמאָל האָט דער טאַטע אויסגעפונען, אַז זי האָט געליען געלט אויף פּראָצענט כדי די חובות אַביסל אָפּצוצאָלן און ער האָט זיך אויף איר דערפאַר געבייזערט. ער האָט עס אָנגערופן: „אַרויסנעמען אַ שויב פון איין פענצטער און עס אַריינשטעלן אין אַ צווייטער". פון וואָרט „חובות" סקרוכעט מיר נאָך היינט צי טאָג.

זיין אַרבעט אין די וועלדער אין די גרויסע ווינטערדיקע קעלטן, האָט פאַרערגערט דעם צושטאַנד פון מיין טאַטנס פיס פון וועלכע ער האָט שוין אָנגעהויבן ליידן בעת די לעצטע פאַר יאָר נאָך זייענדיק אין אַפריקע. עס האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן אַ לאַנגער איוב׳דיקער ליידנס־וועג, וואָס האָט אויסגעאיבט טיפע ענדערונגען אין דעם גייסט און לעבן פון יעדן אין אונדזער משפּחה.

מיין פאָטער האָט געליטן פון דער אַזויגערופענער „בערגערס קראַנק־הייט" — וועלכע מעדיצינישע טעקסט־ביכער האָבן באַצייכנט ווי אַ חולאַת, וואָס מען טרעפט אָן הויפּטזעכליך צווישן יידן. (שפּעטער האָט מען פעסטגעשטעלט אַז זי קומט אויך פאַר צווישן פיל טאַבאַק־רייכערנ־דיקע ניט־יידן). עס הייבט זיך אָן מיט קראַמפּן אין די פוס־מוסקלען ביים גיין, מחמת ספּאַזמען פון די דאַרטיקע אַרטעריען: שפּעטער ווערן די בלוט־קאַנאַלן פאַרשטאָפּט און עס נעמט זיך שפּרייטן אין די פיס אַ גאַנ־גרענע. די יסורים דערפון ווערן באַשריבן, ווי די „„אומדערטרעגלעכסטע". קיין אַנדערע מעדיצין תרופות ווי שטילן די שמערצן מיט מאָרפין, האָט דאָן נאָך ניט עקזיסטירט, אויך ניט קיין אַנדער קוראַציע ווי אַמפּוטירן די פיס. ניט ווייסנדיק ווי ווייט די אָדערן פאַרשטאָפּונג מיטן גאַנגרען וועט אין יעדן פאַל זיך שפּרייטן, פלעגן דאָן די פיס־אַמפּוטאַציעס גע־

מאַכט ווערן אין „ראַטעס״, צוערשט אונטן, עטלעכע יאָר שפּעטער ביז די קני, און דאַן ביז אויבן...

מער ווי צען יאָר האָט דער טאַטע זיך געמאַטערט ביז מען האָט אים, אין קעניגסבערג, טייל נאָך טייל אָרונטערגענומען אינגאַנצןביידע פיס אויבן. ער איז אויסגעשטאַנען יאָרן פון אומגעהויערע ווייטאָגן און ליידן, אָבער מיט אַ גייסטיקער גבורה, וואָס האָט אַלעמען (אַפילו זיינע דאָק־טוירים) פאַרוווּנדערט: מיט אַ מוט, אַ גלויבן און אָפּטימיזם, אָן אַ סימן פון מרה־שחורה, אָן נשמה־געפאַלנקייט אָדער זיך באַקלאָגן. זיינע אויגן זיינען שטענדיק געווען געווענדעט צו די נויטן אָדער די ליידן פון אַנדערע, (איך געדענק ווי די מאַמע פלעגט אַמאָל אַ מורמל־טאָן: „גרשון, דו טראַכסט נאָר וועגן אַנדערע, פון זיך גאָרניט״). ווען מיר האָבן אים אַריינגעטראָגן אין שטוב נאָך דער לעצטער אַמפּוטאַציע, האָבן אים דער־וואַרט מיט טרויער, מיטלייד און אויך טרערן, אַ גאַנצע מחנה מענטשן. ער האָט זיך באַלד מיט זיי געגומען וויצלען, דערציילט קאָמישע פּאַסי־רונגען און געענדיקט מיטן זאָג: „אַזוי לאַנג ווי ס׳איז דאָ אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס איז ווערט צו לעבן״.

מחמת די אומגלייכקייט און שפּוּע׳דיקייט פון אָרומיקע געסלער, האָט דער טאַטע דעם שטולעכל אויף רעדער נאָר געקענט באַנוצן אָרום שטוב. ימים־טובים און אַמאָל שבתים, פלעג איך צוזאַמען מיט אונדזער שכן מרדכי־יאָקע דער בעל־עגלה, אָדער עמעצן אַנדערש, אים אַוועק־טראָגן אין בית־מדרש. נאָכן דאַווענען, פלעגט דער רב ר׳ שבתאי שפּירא מיט אים באַהאַנדלען שטעטלשע פּראָבלעמען. באַפרייט פון זיינע פריערדיקע יסורים איז דער טאַטע געוואָרן דער לינדערער פון די ווייטיקן פון אַנדערע; ער האָט געגעבן עצות ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן באַוואָלטע ווי אויף „על כל צרה שלא תבוא״; פון אַ מאַמען וואָס האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפן רפואות פאַר אַ קראַנק קינד; אַ פאַמיליע אָן האָלץ פאַרן ווינטער, אָדער אַ בעל־עגלה וועמעס שקאַפּע איז אַוועקגעפאַלן און געדאַרפט אַ פערד — איז מען געקומען צו גרשונען. צו באַקומען די מיטלען פאַר די נויטבאַדערפטיקע פלעגט ער, זיצנדיק ביים פענצטער, אַריינרופן די פאַרבייגייענדיקע מער באַמיטעלע פון שטעטל און איינ־טעהנען מיט זיי, אַז מ׳דאַרף העלפן די נצרכים פון שטעטל. „גאַטס סטראַפּטשעס״ וואָס פלעגן זיך וועלן אויסדרייען מיט אַ: „מיר קלייבן

געלט אויף איינבינדן די משניות׳ן״, אָדער „צורעכט צו מאַכן די מקווה״ — פלעגן באַקומען פון אים „אַ גאַב״ מיט בינטלעך פון פסוקים וועגן „בין אדם לחברו״ — ווי דער עיקר פון יידישקייט.

גלייכווערטער וועלכע איך געדענק פון אים: „דער עושר בלאָזט זיך און דער אָרעמער ווערט געשוואָלן״; „אַ מתנה גיט מען יענעם מקרב צו זיין, אַ נדבה פון יענעם פטור צו ווערן״; „ניטאָ קיין טויער וואָס עפנט זיך ניט פאַר אַ חמור באַלאָדן מיט געלט״; „דער בן־אדם איז אָדער גאָטס באַשעפעניש, אָדער אַ נבלה״; ניט יעדער וואָס קראַצט זיך די קאָפּ, קלערט״; „ניט שטענדיק איז דאָס שיינע גוט, אָבער שטענדיק אין דאָס גוטע שיין״; וויפל קרומע וועגן מאַכט מען, איידער מען געפינט דעם גלייכן?״; „קין און הבל איז דער תמצית פון דער גאַנצער וועלט־געשיכטע״

שבת פאַרנאַכט פלעגן זיך צונויפקומען ביי אונדז אין שטוב אַ צאָל „עמך״ ־מענטשן צו דאַווענען מיט אים מעריב. פאַר דעם, פלעגט ער מיט זיי לערנען אַ שטיקל משניות אָדער מדרש. עס פלעגן אויך פאָרקומען דיסקוסיעס און סכסוכים וועגן געוויסע שטעטלשע ענינים, אויך אין דער וועלט־פּאָליטיק. דער טאַטע פלעגט זיך באַמיען די ניט איינשטימענדיקע צדדים אויפצוקלערן, אָדער אויסצוגלייכן.

איין טאָג איז אַריינגעקומען אין שטוב אַ מיטליעריקע אויסגעפּוצטע פרוי און געפרעגט אין דייטש אויפן טאַטן. ער איז געווען אין שלאָף־צימער, דאָס וועגעלע איז געווען דאָרט, בין איך מיט איידלען געגאַנגען אים אַרויסטראָגן. „ניט נייטיק״, האָט זי געזאָגט — איך דאַרף ריידן מיט אים אַליין. ווען איר געשפּרעך מיט אים האָט זיך געענדיקט, איז זי גלייך אַוועק. מער האָבן מיר איר ווידער קיינמאָל ניט געזען. — „אַ יידישע פרוי פון קעניגסבערג וואָס איז געקומען עפּעס פאַר אַן עצה״, — האָט דער טאַטע געזאָגט, אָבער ניט דערציילט וועגן וואָס זי איז געקומען. מיר האָבן געהאַט אַ חשד, אַז זי האָט פאַר אים „עפּעס געבראַכט״, ווייל די צאָל נויטבאַדערפטיקע וואָס פלעגן צו אים קומען, האָט זיך באַלד גענומען פאַרגרעסערן...

עלף יאָר שפּעטער נאָך זיין פטירה, האָבן מיר געעפנט זיין נאָטיץ־ביכל, וועלכן ער פלעגט ביי זיך האַלטן: דאָרטן זיינען געווען פאַרצייכנט די נעמען פון כמעט אַ דריטל פון די שטעטלשע משפחות מיט די סומעס

פון די גמילות־חסדים, אָדער פּראָצענטלאָזע הלוואות, וועלכע ער האָט צו יעדערן אויסגעטיילט: מערסטנס פון 200 ביז 400 ליט. אַ סך האָבן געליען, אָפּגעצאָלט און ווידער געליען. אַלץ גענוי און פּינקטלעך פאַר־שריבן מיט אַ קלאָרן כתב־יד. אויפן שער־בלאַט פון ביכל: „אכט טויזנט ליט פון דער קעניגסבערגער יידישער פרוי" — מיטן פאַרבאָט איר נאָמען קיינמאָל צו דערמאָנען, אָדער באַקאַנט צו מאַכן און צו באַנוצן איר געלט אַלס מתן־בסתר פאַר נויטבאַדערפטיקע".

*

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען מיר פון טאַטן, וואָס האָט זיך דאָן געפונען אין קעניגסבערגער שפּיטאָל, געוואָרן ווי אָפּגעשניטן. — „די כירורגן — האָט ער אונדז אין זיין לעצטן בריוו געשריבן האָבן נאָך ניט באַשלאָסן, צי מען וועט מוזן אמפּוטירן ביז אויבן, אויך די צווייטע פוס, אָדער ניט".

ווען אויף גאָרזד האָבן זיך אָנגעהויבן גרענעץ־שיסערייען, (אונדזער שטוב איז שפּעטער באַשעדיקט געוואָרן פון אַ באָמבע), זיינען מיר אַנטלאָפן קיין פּלונגיאַן, ווּ די מאַמע האָט געהאַט צוויי שוועסטער. מיר האָבן דאָרט געוווינט אין אַן ענגע, האַלב־קעלערדיקע דירהלע און גע־לעבט אין דחקות. די מאַמע מיט איידלען האָבן געבאַקן, צום פאַרקויף ברויט און בייגל. אַ ביסל דערפון פלעגן זיי מיר אַמאָל געבן אויסצוטראָגן אינדערפרי צו עטלעכע דאָרטיקע באַלעבאַטישע הייזער. וועלכע האָבן געקענט דער מאַמען פון אירע אַמאָליקע מיידעלשע יאָרן. דערנאָך פלעג איך אַוועק לערנען אין דער דאָרטיקער תלמוד־תורה.

איינמאָל זיינען מיר געבליבן אין קאָרב ניט פאַרקויפטע בייגל. בין איך אַוועק מיט זיי אויפן וועג, ווּ די דייטשע אינפאַנטעריע־קאָלאָנען האָבן מאַרשירט אויף טעלז. זיי האָבן די בייגל גלייך אויסגעכאַפּט. די דייטשע מטבעות, וואָס זיי האָבן אין קאָרב אַריינגעוואָרפן האָבן באַטראָפן אַרום צוויי רובל — טאָפּלט וויפל די בייגל זיינען ווערט געווען. איך בין מיטן „אוצר" מלא־שמחה אַריינגעלאָפן שנעל אין שטוב מיט דער בשורה: „מיר קענען נתעשר ווערן!" אָבער די מאַמע און איידל האָבן מיך אָנגעקוקט מיט שטרענגע פאַרצויגענע ברעמען, ווי איך וואָלט האָבן באַגאַנגען אַ פאַרברעכן: זיי האָבן מיר גענומען מוסר'ן וועגן מיין פאַר־פעלן דאָס לערנען אין תלמוד־תורה, פאַרגעוואָרפן מיר אַז איך וויל ווערן

אַ הענדלער, אָדער גאָר אַ הולטאַי, אַ שאַכער־מאַכערניק. מען האָט מיר שוין מער קיין קאָרב מיט קיין בייגל ניט געגעבן...

פון צייט צו צייט פלעגט ר׳ ירוחם, אונדזער טעגלעכער תנ״ך און מדרש־רבי פון דער תלמוד־תורה פאַרשווינדן. די עלטערע יינגלעך האָבן געזאָגט, אַז ער פראַוועט התבודדות״, אַנדערע, „אַז ער איז אַ למד־וויניק, אָדער אַ צדיק״. אָבער הגם ער איז געווען אַ פרומער און געטראָגן אַ טלית־קטן, האָט ער ניט אויסגעזען ווי איינער וואָס האַלט אַפּ „אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק תעניתים״. ער איז געווען אַ יונגער, אַ שיין און קרעפטיק געבויטער, מיט אַ קאַשטאַן־ברוינער באָרד, מיט אַ הויכן שטערן און אַ וויזיאָנעריש־פאַרטראַכטן פנים. אים הערן פאַרלייענען קאַפּיטלעך פון ישעיהו, ירמיהו, הושע, עמוס, חבקוק, נחום און די אַנדערע נביאים, בין איך קיינמאָל ניט מיד געוואָרן. זיין קול פלעגט זיך ענדערן לויט דעם נביא אָדער דעם קאַפּיטל, וואָס ער פלעגט פאַר אונדז ברענגען: דאָ זאַנפט שילדעריש און דאָרט ליריש, דאָ מיט דער נביאישער האַרציקער ליבשאַפט צום פאָלק, און דאָרט מיטן פלאַמיקן צאָרן קעגן זיינע פאַרפירער און פאַרדאַרבער: און דאָ מיטן פייערלעכן אָנזאָג פון „אחרית הימים״־צייטן, ווען אַלע פעלקער וועלן זיך פאַראייניקן פאַר שלום און פריינטשאַפט — פאַר דער הייליקייט פון מענטשלעכן לעבן... ירוחם איז געוואָרן פאַר מיר דער סימבאָל פון נביאישן פּאַטאָס און וויזיע, פון נביאישן געדאַנק און איר מאָראַלישער גאונות. אומפאַרגעס־לעך. מחמת אירע גוטע רביים, האָב איך אין דער פלונגיאַנער תלמוד־תורה געלערנט מיט גרויס התמדה. אָבער אַ יאָר שפּעטער האָבן מיר זיך צוריקגעקערט מיט אַ פרייד צו אונדזער היים אין גאָרזד.

נאָכן טאַטנס אַהיימקומען פון קעניגסבערג האָט מען מיך צוריקגעג־שיקט קיין פלונגיאַן, אָבער דעמאָלט שוין לערנען אין דער דאָרטיקער ישיבה, וועמענס ראש, יהודה־לייב זיוו, איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ איצעלע פּאָנעוועזשער. מען האָט געלערנט גיטין, וועמענס אינהאַלט האָט מיר געלאַנגווייליקט. דער ראש־הישיבה איז געווען אַ חריף און פלעגט יעדע מימרא פאַרקנוילן אין פאַר מיר קאָפּשווינדלדיקע פּלפּולים; אפשר דעריבער ווייל איך האָב „געגעסן טעג״ און אין עטלעכע פון די הייזער ניט צו זאַט.

אינצווישן האָט מיר דער טאַטע געשריבן צו קומען אַהיים מיט אַ

דרשה פאַר מיין בר־מצווה. ווען איך האָב אים געפרעגט צי פון דער מסכתא וואָס איך לערן, האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ מעשה וועגן ר׳ יוחנן בן זכאי, וועלכער האָט פון אַלע תלמידים זיינע, באַזונדערס געלויבט ר׳ אליעזרן: און דעריבער ווייל אויף דער פראַגע „איזו היא הדרך הטובה שידבק בה האדם״, איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט געענטפערט „לב טוב״. האָב איך וועגן דעם צונויפגעשטעלט פון מדרש, פון חובת־הלבבות, פון ילקוטים און אַנדערע ספרים אַ טראַסקנ־דיקע דרשה, וואָס האָט ביים טאַטן ווי ביי די לומדים פון שטעטל שטאַרק אויסגענומען. איך געדענק נאָך דעם בר־מצווה געשאַנק וואָס איך האָב באַקומען: — אַ פּאָר שלייקעס.

*

סוף דעצעמבער 1929, האָט מיר מולע אַשעראַוויטש (מיין שוועסטער הענעס מאַן) געלאָזט וויסן, אַז איך זאָל קומען וואָס גיכער זיך זען מיטן טאַטן, ווייל זיינע טעג זיינען שוין ווייזט אויס געציילטע. איך האָב דאַן געהאַט פאַרענדיקט מיין מעדיצינישן סטודיום מיט אַ צווייאָריקער „אינ־טערנשיפּ״ אין שיקאַגער שטאַטישן שפּיטאָל. די רייזע מיט דער שיף האָט געדויערט איבער צוויי וואָכן.

ווען איך בין אָנגעקומען אין גאָרזד, האָט עס מיר אויסגעזען ווי דאָס גאַנצע שטעטל וואָלט אויף מיר שוין געוואַרט: וועדער אָפּ־נעמען אַ לעבעדיקן גרוס פון אַן אייגענעם, וועדער אָנצוקוקן דעם פּריש־געבאַקענעם אַמעריקאַנער. אַריינקומענדיק אין שטוב האָב איך געפונען דעם טאַטן זיצנדיק אויף אַ שטול אויסגעבעט מיט קישנס, אַ יומטובדיק אויסגעפּוצטן און מיט פולע אויגן, אי פון אומעט אי פון פרייד. ער האָט לאַנג־לאַנג מיך אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט געזוכט מיט זיינע בליקן דעם אַמאָליקן יינגל. ער האָט מיך אַרומגענומען, געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זיינע ווערטער זענען ווי געבליבן הענגען אויף זיינע ליפּן... כדי זיך צו באַהערשן פון אַרויסברעכן אין אַ געוויין אין דער אַנוועזנהייט פון אַלע אַרומיקע, האָט ער זיך געווענדעט צו דער מאַמען און גענומען שפּאַסן: „נו, וואָס זאָגסטו אויף דיין אַמאָליקן מזיק און סמבטיון, אָנגעקוגעפּאָרן מיט אַ פּאָר פּאַרלאַטעטע הויזן און מיט אַ פינפער אין קעשענע און געוואָרן אַ דאָקטער״. פּלוצלינג, האָט ער מיר גענומען שטעלן פראַגן וועגן איינשטיינס רעלאַטיוויטעטס טעאָריע, וועגן שפּינאָזעס

פילאָזאָפיע און ענלעכע עניינים וועגן וועלכע איך פלעג זיך מיט אים דורכשרייבן אין מיינע געוויינטלעך לאַנגע אָפּט 20 און 30 זייטיקע בריוו צו אים.

הגם זיין האַרצשלאַג און זיין פּולס זענען שוין געווען שוואַכע, איז זיין געדאַנק, פאַרשטאַנד און אינטערעס אין וועלט און מענטש געווען די זעלבע ווי אַמאָל. ער האָט גערעדט וועגן דעם פאַרשאַרפטן קורס פון דער ליטווישער מאַכט קעגן די יידן, און אַז כמעט אַ דריטל פון די פאַמיליעס אין שטעטל מוזן שוין אָנקומען צו גמילות־חסד: „מיין קאַסע איז שוין כמעט אַן אויסגעליידיקטע" האָט ער געזאָגט; „ווען דו וועסט צוריקקומען קיין שיקאַגע, וועסטו דאָך מסתמא זיין פאַרנומען מיטן איינ־אָרדענען דיין קאַבינעט — זאָלסטו זאָגן אַשר׳ן און פאַלע׳ן צונויפצורופן אונדזערע בני־העיר אין שיקאַגע, זיי זאָלן עפּעס טאָן אונדז צו העלפן". נאָכדעם האָט ער מיר געבעטן גיין אונטערזוכן דעם געזונטצושטאַנד פון רב און פון אייניקע אַנדערע יידן אין שטעטל.

אין אָוונט האָט ער צו מיר גערעדט „פון דער צייט וואָס קומט פאַר יעדן בשר ודם"... „פון דער טפשות פון ניט זיין פאַר דעם מוכן ומזומן..." און דאָן מיט ווערטער פון אַ צוואה און ווי דער תמצית פון זיינע אַלע האָפענונגען — אַז „אַלע מיינע קינדער וועלן אַלעמאָל ממשיך זיין דאָס יידישע און דאָס מענטשלעכע". אַ פּאָר טעג שפּעטער, איז דער טאַטע אויף אייביק אַנטשלאָפן געוואָרן...

*

פאַר דער מאַמען און רבקה׳ן איז די שטוב געוואָרן צו פּוסט און אומעטיק אין איר צו פאַרבלייבן. זיי זיינען אַריבער וווינען מיט הענען און מולען אין מעמעל, פון וואַנען זיי האָב נאָכדעם עמיגרירט קיין תל־אביב, וווּ איידל און איר מאַן אלחנן פורמאַן זיינען שוין געווען תושבים זינט 1925. אין 1938, ווען די וואָלקנס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען געוואָרן אַלץ געדיכטער און שוואַרצער איז אונדז געלונגען זיי אַלעמען אַריבערצוברענגען קיין אַמעריקע.

*

גאָרזד, ווי דער יידישער ישוב אין ליטע בכלל, האָט זיך אין משך פון די 8 יאָר געהאַט פיל געענדערט. די אָרעמע זענען געוואָרן אָרעמער און די פון די מיטל קלאַסן זיינען געוואָרן יורדים. אַפילו אין קאָוונע האָט

שוין אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג געמוזט אָנקומען צו דער צדקה־פושקע און פאַר מעות חיטין אויף פסח. די געוויינטלעכע יידישע פּראָפעסיעס און באַשעפטיקונגען זיינען אַלץ מער פאַרנומען געוואָרן פון ליטווינער און קיין אַנדערע האָבן זיך אויף דעם האָריזאָנט ניט באַוויזן.

צו דער זעלבער צייט האָט דאָס שטעטל מיר אויסגעזען מער וועלט־לעך און ווייניקער אָפּגעשטאַנען. מען האָט מער געלערנט, מער דיסקו־טירט, מער געוווּסט וואָס אויף דער וועלט קומט פאָר. יוגנטלעכע האָבן באַלאַנגט צו „השומר הצעיר" אָדער „הבונים"־אָרגאַניזאַציעס און אַ „מכבי" ספּאָרט־קלוב. וואַרטנדיק אויף סערטיפיקאַטן, האָבן אַ צאָל חלוצים אַדורכגעמאַכט זייער „הכשרה" אויף פערמעס פון ליטווישע גוטבאַזיצער לעבן מעמעל. אַלע און באַזונדערס די יוגנטלעכע האָבן זיך ממש געריסן אַרויסצופאָרן. אָבער אַמעריקע איז דאַן געווען פאַרצאַמט מיט קוואָטעס, און קריגן אַ סערטיפיקאַט פון די ענגלענדער אַריינצוקומען קיין פּאַלעסטינע, האָבן נאָר ווייניקע צו דעם זוכה געווען.

אין די צען יאָר צווישן 1930 און 1940, האָבן די דערלויבעניש באַקומען נאָר אָרום 14 גאָרזדער: צווישן זיי — דורך אַ קאָמפּליצירטער אינטערוועניץ און שוין קורץ פאַר דער נאַצישער אינוואַזיע — יהודית לעסעם, איר מאַן און איר שוועסטערס צוויי קינדער. זינט דאַן און ביזן היינטיקן טאָג, איז יהודית אין ישראל די פון אַלעמען באַליבסטע גאָרזדער. אַדאַנק איר געוויסן און איר געטריישאַפט, אַדאַנק איר מערקווירדיקן בילדלעכן לעבהאַפטיקן זכרון פון יעדן פון די אומגעקומענע — ווי פון די איבער דער וועלט צעזייטע און צעשפּרייטע ביים לעבן געבליבענע גאָרזדער — איז אָט דער ספר גורזד צושטאַנד געקומען.

**אברהם אַרנשטיין**

# עיירתי גורזד

עד מלחמת העולם הראשונה גבלה עיירתנו גורזד בשכנות בין גרמניה ורוסיה הצארית.

מסיפורי ההורים יודע אני שבתקופת שלטון הצארים, מצבם הכלכלי של היהודים בגורזד היה קשה מאוד וחייהם היו חיי עוני ודחקות. לא היו להם מקורות פרנסה ותמיד תרו אחרי פרנסה למשפחותיהם.

לא הרחק מעיירתנו חצה הגבול בין גורזד לממל. נקודת המעבר היתה ה„טמוז׳נה״ (כפי שהבנין נקרא אז בפי אנשי המקום). בטמוז׳נה נערכה בדיקת תעודות המעבר לחוצים את הגבול.

המצב בעת ההיא היה קשה מאוד. להעביר מצרכים מגורזד לממל אסור היה. בעת ההיא שרר מחסור במצרכים אצל הגרמנים והמחירים האמירו עד שנבצר היה לקנות דברי מזון כפי הצורך למשפחה.

אבל, יהודים הרי צריכים פרנסה, לכן בלית ברירה החלו לעסוק בהברחת כל מיני מצרכי מזון לממל. ההברחה היתה דו־סטרית: מגורזד היו מבריחים מצרכי מזון לממל ומממל הבריחו סחורות שונות שלא היו בנמצא בגורזד, ומכרום לגויים.

עם סיום מלחמת העולם הראשונה, לאחר שגרמניה ורוסיה נוצחו, זכתה ליטא לעצמאות והעיר ממל וחבלי ארץ נוספים צורפו לליטא והתנועה בין גורזד לממל היתה חפשית.

ממל השוכנת כ־16 ק״מ מגורזד נהפכה למרכז מסחרי חשוב לעיירתנו גורזד ולעיירות הסביבה. התנועה בין ממל ועיירות הסביבה היתה ערה מאוד והסחר בה שיגשג. הנוער היהודי מצא בממל מקומות עבודה ומשרות בבתי חרושת ובמשרדים. בני נוער באו ללמוד בבתי הספר של העיר. וגם גורזד התחילה פורחת. תושביה ידעו ימים טובים והעיירה התפתחה מבחינה חברתית וכלכלית. גם הנוער ידע תקופת גיאות תרבותית וחברתית. אף לימודי הדת ידעו ימים יפים. היה „חדר״ „תלמוד תורה״. יהודים למדו בחשק ובשקידה דף גמרא והיו גם מבינים את הנלמד. הרבי ב„תלמוד תורה״ היה יהודי עבדקן שחור, בעל קומה בינונית, שהתלמידים היו אהובים עליו והיה מלמדם בלב חם ובשקדנות.




כדורגל : מכבי גורזד עם מכבי פלונגיאן

לימים עברה הנהלת ה„תלמוד תורה" לידי הרבי דאנישבסקי. הוא היה טיפוס שונה מרבי העשיל, שהיה לו כינוי חיבה בעיירה, „השטיבל רבי".

דאנישבסקי היה יהודי בעל קומה וזקן שאטיני ירד על פי מידותיו — ודי היה בקריצה באחת מעיניו כדי להפיל מורא על תלמידיו. היה איש משמעת קפדן ובעת „הצורך" היה גם „מכבד" תלמיד ב„מתנת יד" על לחיו...

בגורזד היה גם „חדר" פרטי, בו למדו ילדים נבחרים — והרבי ב„חדר" פרטי זה, היה גערשע פייווע. גם הוא היה יהודי בעל קומה וזקן אפרפר ארוך עיטר את פניו. די היה להעיף מבט על פניו כדי לכבדו ולהתיחס אליו בדרך־ארץ.

גערשע פייווע היה תלמיד חכם והתפרסם בעיירה כבקיא בתלמוד. גם אני זכיתי להנות משפעת תלמודו. זוכר אני את ה„חדר" של גערשע

פייווע, ששכן בביתו, כדמותו וכצלמו. כדי לבוא אל ה„חדר" פנימה, צריך היה לעלות במדרגות גבוהות. היינו יושבים בעת הלימוד ליד החלון הפונה לרחוב. היינו מתמידים בלימודים, וכמה מאושר הייתי כאשר לפני לכתי הביתה, זיכה אותי הרבי גערשע פייווע בצביטה על לחיי ובבת צחוק אמר לי: „היום למדת טוב".

הגרמנים הביאו לעיירתנו פליטים יהודים רבים שברחו מפולין. אך לא פליטים היו יהודים אלה, אלא פועלי כפייה שהגרמנים הביאו לגורזד כדי לנצלם לעבודת כפייה. הבחורים היהודים האלה נשארו אחרי המלחמה בגורזד ולא חזרו לפולין אל „ביתם" הקודם. במרוצת הזמן הסתדרו בעבודה, הקימו משפחות והקהילה דאגה לעתיד ילדיהם ולחינוכם. בעת ההיא נוסד בית־ספר עממי יהודי ורוב הילדים מ„תלמוד תורה" ומה„חדר" הפרטי, עברו לבי"ס העממי. כמנהל בית הספר מונה המורה לאַם וכמורה עברי בביה"ס מונה מר הורוויטש.

אחרי הצהרת באלפור התחילה להתפתח התנועה הציונית ועיירתנו גורזד לא פיגרה בתחום זה אחרי יתר עיירות ליטא. התחילו להתארגן תנועות־נוער ציוניות שונות ומפלגות: השומר הצעיר, מזרחי, בית"ר וציונים כלליים. עם קום התנועות הציוניות קיבלו החיים החברתיים־תרבותיים בעיירה צביון תוסס יותר. התפתח „המאבק" הציוני. אירגון ציוני אחד נאבק במשנהו. הופיעו שליחים ונואמים אשר הטיפו לרעיונותיהם וביקשו ל„צוד" חסידים לאירגוניהם: המאבק הרעיוני הזה בין הזרמים השונים התנהל בבית המדרש אשר בעת האספות היה מתמלא בקהל רב.

האוירה בבית המדרש התלהטה, הנה, הנה עוד מעט תפרוץ תגרת ידים, אך אט־אט נרגעו הרוחות ולהט הוויכוח הצטנן. המאזינים נרגעו והנואם הצליח לסיים את נאומו והקהל התפזר בשקט.

גורזד לא היתה עיירה גדולה. אוכלוסייתה מנתה כשלושת אלפים תושבים. מהם, כ־90 אחוז יהודים. האוכלוסיה הנוצרית שכנה בסימטאות ובסביבת העיירה. אך חרף קטנותה אהבתי את עיירתי זו. היא היתה שונה משאר העיירות בגודלה ובשטחה. האנשים, נדמה לי, היו גם הם שונים. יותר אדיבים, מסבירי פנים, בעלי רגשות, לבביים יותר. היו מסורים אחד לשני. כשפקד אסון לאיש מאנשי העיירה, היו שותפים לו כל תושביה. כל איש השתדל לעזור לחברו וכך הוקמו מוסדות צדקה וחסד כ„לינת

הצדק״; קופת גמילות חסדים — ומאוחר יותר ה„פולקס־באַנק״. הבנק העממי סייע לנזקק בהלואה בשעת הדחק, בתנאים נוחים כדי להתגבר על ימי משבר.

גם בספורט לא פיגרה גורזד בהשוואה לעיירות אחרות. נוסד ארגון „מכבי״ ומאוחר יותר גם אירגוני ספורט אחרים. „מכבי״ הצטיין בכדורגל ואירגן גם תחרויות במשחקי כדורגל. בימי ראשון היו ממתינים כולם בחוסר סבלנות לקבוצת הכדורגל שתבוא, מממל או מעיר אחרת. אז היו מתקהלים בפארק העירוני שם שכן מגרש כדורגל. ביום המשחק, הפארק היה מתמלא אוהדים, נער וזקן, כולם דאגו שמכבי לא תפסיד חלילה.

במרוצת הימים נוסדה תנועת נוער בשם „צעירי התחייה״ שתפקידה היה להפיץ ולהחיות את השפה העברית בין הנוער. רבים לעגו לנו וכינו אותנו בשם גנאי „לעבעדיקע מתים״ — המתים החיים. אבל התנועה שלנו זכתה להצלחה בהפצת השפה העברית בין הנוער. וכאשר „צעירי התחייה״ התבססו דיים, הם יסדו את הספריה העברית, אשר במשך הזמן משכה אליה את כל הנוער שהתחיל לקרוא ספר עברי.

יהודי גורזד ידעו ימים רגועים ואף היו מרוצים. כך התמשכו החיים עד שנת 1939, כשהיטלר ימ״ש כבש את ממל וצירף אותה לגרמניה. ובפתע פתאום שוב שכנה העיירה גורזד על הגבול הישן שחצץ בין גורזד לממל. לאחר הצירוף נאלצו יהודי ממל לברוח ממנה בנוטשם את כל רכושם כמעט הפקר וחזרו לעיירותיהם משם באו לעיר זו 18 שנים קודם לכן. זמנים קשים החלו ליהודי גורזד בכלל ולנוער הגורזדי בפרט. מקורות הפרנסה נסתמו. הפעילות הכלכלית נקטעה. מקומות העבודה נשללו. בני נוער, באפשרות הראשונה החלו לנטוש את העיירה ויצאו לתור אחרי מקור פרנסה בעיירות ליטא האחרות. רוב הנוער עקר לקובנה, בירת ליטא, שם עדיין היו סיכויים להשיג עבודה ואפשרות לקיום.

באוגוסט 1939 פקד אסון את גורזד. פרצה שם שריפה ענקית ומאה וחמישים בתים עלו באש ועשן, 150 משפחות נשארו ללא קורת גג. המצב היה קשה ביותר. למי שהיו קרובים בעיירות אחרות, נסעו אל קרוביהם. רבים אחרים נשארו ללא קורת גג. אז נתגלו יהודי גורזד (מי שהשריפה לא פגעה בהם), בטוב ליבם ובמידות הטובות שלהם, בגודל אנושיותם וכל אשר ידו השיגה בא לעזרה והשכין בביתו אנשים שנפגעו

והיו כאלה שהתחלקו עם הדירה. וכך קרה שכל אחד מהנפגעים מצא קורת גג — ולו לפחות עד אפשרות השתקמות.

בחודש יוני 1940, עם פלישת הרוסים לליטא, הוכרזה גורזד כאזור גבול והשלטונות אסרו על ביקורים בעיירה ללא רשיון מיוחד, ואם תושב גורזד ביקש לנסוע לעיירה סמוכה להתראות עם קרובי משפחה, נאלץ היה להצטייד ברשיון מהועד של קהילת גורזד.

המצב הכלכלי של יהודי גורזד נעשה קשה במיוחד, כי המסחר הפרטי פסק וליהודים אבדו מקורות הפרנסה. מקומות העבודה הממשלתיים לא הספיקו ואף המשכורת היתה זעומה. מצב זה נמשך אך זמן מועט.

ב־22 ביוני 1941, פרצה המלחמה בין גרמניה לרוסיה. לא עבר זמן רב והצבא הגרמני, בשורות מתמשכות, נכנס לגורזד אחרי התנגדות קלה של הצבא הסובייטי. הגרמנים־הנאצים יחד עם העוזרים הליטאים הרוצחים, חבריהם לטבע ולאופי, ראו כתפקידם הראשון לאסוף את כל הגברים היהודים ואח״כ הנשים והילדים ולאחר כמה ימים שהחזיקום, ליד הטמוז׳נה, הוציאו את הגברים ובאכזריות בלתי ניתנת לתאור, רצחו אותם. לאחר כמה חדשים אספו הרוצחים־הגרמנים את הנשים והילדים ורצחו גם אותם.

אתם התלינים הגרמנים המרצחים ועוזריכם הליטאים המרצחים!

אנחנו לעולם לא נמחול לכם על פשעיכם האכזריים, אשר בצורה אימתנית ואכזרית רצחתם את אבותינו ואמהותינו, אחיותינו ואחינו, את נשינו וטפינו.

ארורים תהיו לעולמי עד!!

ואתם יקירינו, יהודי גורזד, קרבנות הנאצים האכזריים, לא נשכח ונזכור אתכם לעולם. זכרונכם הקדוש ינון בתוכנו תמיד ותשארו חרותים עמוק בליבותינו בכל אשר נפנה.

כך הושמדה קהילת יהודי גורזד ונמחקה מעל פני האדמה.

אַרנשטיין אברהם

# מיין שטעטעלע גאָרזד

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אונדזער שטעטעלע גאָרזד געפונען אויפן גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און דער צאַרישער רוסלאַנד.

לויט ווי מיינע עלטערן פלעגן דערציילן, איז דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן פאַר די צאַרישע צייטן אין גאָרזד געווען זייער אַ שווערער און די יידן ביי אונדז אין שטעטל האָבן געלעבט אין נויט און דחקות. קיין מקורות פון פרנסה פאַר די יידן אין גאָרזד זיינען ניט געווען און די מענטשן האָבן געזוכט פאַרשיידענע מעגלעכקייטן ווי אַזוי צו באַשפייזן זייערע משפחות.

ניט ווייט פון אונדזער שטעטל איז אַדורך דער גרענעץ צווישן גאָרזד און מעמעל. דער איבערגאַנגס־פונקט איז געווען די טאָמאָזשנע




יהודים ברח' הראשי — בזמן הכיבוש הגרמני בסוף מלחמת העולם הראשונה

(ווי מען האָט דאָס דאַמאָלט גערופן). דאָרט האָט מען געדאַרפט באַוויזן די דערלויבעניש אַריבערגיין דעם גרענעץ. דער מצב אין יענער צייט איז געווען אַ שווערער. אַרויספירן פּראָדוקטן פון גאָרזד קיין מעמעל איז ניט געווען דערלויבט. אויך אין יענער צייט האָט שוין אויסגעפּעלט פּראָ־דוקטן ביי די דייטשן און דער יקרות איז געווען זייער גרויס און אַלץ איז געווען זייער טייער.

היות, אָבער ווי יידן האָבן דאָך געדאַרפט האָבן פּרנסה, האָט מען געזוכט פאַרשיידענע מעגלעכקייטן צו געפינען אַ פּאַסיקן פּונקט ווו אַריבערצוגיין דעם גרענעץ ביינאַכט, דאָרט ווו די גרענעץ־וואַך האָט ניט געקענט באַמערקן ווי אַזוי מען שמוגלט אַדורך פאַרשיידענע לעבנס־מיטל קיין מעמעל. דער שמוגל איז געגאַנגען אין צוויי זייטן: פון גאָרזד האָט מען געפירט פּראָדוקטן קיין מעמעל און פון דאָרט האָט מען געבראַכט פאַרשיידענע סחורות וואָס האָבן אויסגעפּעלט אין גאָרזד צום פאַרקויף פאַר די קריסטן. פון אָט דעם אַרט שמוגל האָבן יידן געהאַט פּרנסה און אַזוי אַרום געקענט דערנערן זייערע משפּחות.

ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן און אויך די רוסן האָבן פאַרשפּילט דעם קריג און עס איז אַנטשטאַנען אַ זעלבסט־שטענדיקע ליטווישע מלוכה, איז די שטאָט מעמעל אָנגעשלאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט אירע ראַיאָנען צו ליטע און דער פאַרקער צווישן גאָרזד און מעמעל איז געווען אַ פרייער. היות ווי מעמעל האָט זיך געפונען אינגאַנצן 16 קילאָמעטער פון גאָרזד, איז זי געוואָרן דער וויכטיקסטער דערנערונגס־צענטער פאַר אונדזער שטעטעלע גאָרזד און איר סביבה. יידן האָבן אָנגעהויבן צו פאָרן קיין מעמעל און ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ לעב־האַפטער מסחר. מ׳האָט געהאַנדלט מיט פאַרשיידענע סחורות, גרינסן און פּרוכטן. די יידישע יוגנט האָט געפונען אַרבעטס־פּלעצער אין פאַבריקן און אין פאַרשיידענע ביוראָען. קינדער האָבן אָנגעהויבן צו גיין לער־נען אין פאַרשיידענע שולן און גימנאַזיעס אין מעמעל. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטער לעבן אין גאָרזד און דאָס שטעטל האָט אָנגע־הויבן אויפצובליען. מענטשן זיינען געוואָרן לעבעדיקער און דאָס האָט זיך געלאָזט פילן אויף יעדנס פּנים. דאָס לעבן אין שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אויף פאַרשיידענע געביטן: געזעלשאַפטלעך און

עקאַנאָמיש. ס'האָט זיך באַמערקט אַ קענטיקע קולטור־אויפלעבונג ביי דער יוגנט אין שטעטל.

אויך אויפן רעליגיעזן געביט האָט זיך געפילט אַ קענטיקע אויפ־לעבונג. ס'איז געווען אין שטעטל אַ „תלמוד־תורה". יידן האָבן געשמאַק געלערנט אַ בלאַט גמרא און האָבן טאַקע פאַרשטאַנען וואָס זיי לערנען דער רבי אין „תלמוד־תורה" איז געווען אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, פון אַ מיטעלער וווקס, וואָס האָט זייער ליב געהאַט די תלמידים זיינע און ער פלעגט לערנען מיט די קינדער מיט גרויס ווילן און פלייס. אין אַ שפעטערדיקער תקופה האָט די אָנפירונג פון דער „תלמוד־תורה" איבערגענומען דער רבי דאַנישעווסקי. ער איז געווען דער היפּך פון דעם שטיבל־רבי. דאָס איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ שאַטענער באָרד וואָס האָט בלויז מיט זיין בליק אַרויפגעוואָרפן אַ פּחד אויף די תלמידים. ער איז געווען זייער אַ שטרענגער און אויב עס איז געווען נויטיק האָט ער ניט געזשאַלעוועט צו געבן אַ קלאַפּ מיט זיין שטעקן אַ קינד.

אין גאָרזד איז אויך געווען אַ פּריוואַטער „חדר". דאָרט זיינען שוין געגאַנגען לערנען אויסגעקליבענע תלמידים. דער רבי איז געווען גערשע־פּייווע. ער איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ פיינער האַלב־גרויער באָרד, אַ הדרת־פּנים. ס'איז גענוג געווען בלויז אַ קוק טאָן אויף זיין פּנים, האָט מען געמוזט אים אָפּגעבן אַ סך כבוד. ער איז געווען זייער אַ גרויסער למדן און אַ גרויסער קענער אין תלמוד. איך, פערזענלעך, האָב זוכה געווען צו לערנען ביי אים אין „חדר". איך געדענק גענוי אָט דעם „חדר", וואָס האָט זיך געפונען ביי אים אין שטוב. מ'האָט געדאַרפט אַרויפגיין אויף אַ הויכן בריקל אין שטוב אַריין.

לערנען פלעגט מען לעבן פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויפן גאַס. געלערנט האָבן מיר מיט התמדה און ווי גליקלעך איך בין געווען דעם טאָג, ווען דער רבי גערשע־פּייווע האָט מיך פאַרן אַהיים גיין פון „חדר" געגעבן אַ קניפּ אין באַק און האָט מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:
— „היינט האָסטו גוט געלערנט".

אין יענער צייט זיינען אין גאָרזד געווען ניט ווייניק יידישע פּליטים, — אַנטלאָפענע פון פּוילן, וועלכע די דייטשן האָבן זיי געבראַכט אין שטעטל. איך וואָלט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס זיינען ניט געווען קיין פּליטים, נאָר צוואַנגס־אַרבעטער, וועלכע די דייטשן האָבן זיי געבראַכט קיין גאָרזד

אויף אַרבעט. אַט די דאָזיקע יידישע בחורים זיינען נאָכן פאַרענדיקן דעם קריג פאַרבליבן שוין אין גאָרזד און האָבן זיך ניט אומגעקערט צו זייערע היימען. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינאָרדענען אויף אַרבעט, איינגעאָרדנט זייער לעבן אין גאָרזד און די יידישע קהילה האָט געזאָרגט פאַר דער דערציִונג פון זייערע קינדער.

אין יענער צייט האָט זיך געגרינדעט אַ יידישע פאָלקס־שול און דער רוב קינדער פון „תלמוד־תורה" און ווי אויך פון פריוואַטן „חדר" זיינען אַריבערגעגאַנגען לערנען אין פאָלקס־שול. דער פאַרוואַלטער פון דער פאָלקס־שול איז געוואָרן דער לערער לאַם און דער העבּרעאישער לערער איז געווען הורוויטש.

ווען נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די ציוניסטישע באַוועגונג, איז אונדזער קליינע שטעטעלע גאָרזד ניט אָפּגעשטאַנען אויף דעם געביט פון אַנדערע שטעט אין ליטע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטשטיין פאַרשיידענע ציוניסטישע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי צום ביישפּיל: „השומר הצעיר", „מזרחי" „בית״ר" און אַלגעמיינע ציוניסטן. מיט דער אַנטשטייונג פון די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס אין גאָרזד, איז דאָס לעבן אין שטעטל געוואָרן אינטערע־סאַנטער. ס'האָט זיך אַנטוויקלט דער ציוניסטישער קאַמף: איין אָרגאַני־זאַציע האָט געקעמפט מיט דער צווייטער. אין שטעטל האָבן אָנגעהויבן קומען פאַרשיידענע רעדנער פון פאַרשיידענע ריכטונגען און יעדער רעדנער האָט זיך באַמיט צו פּראָפּאַגאַנדירן זיינע אידייען און געפּרוּווט באַווייזן, אַז זיין פּאַרטיי איז בעסער פאַר דער אַנדערער. דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע־קאַמף פלעגט פאָרקומען אין בית־המדרש, וועלכער פלעגט בעת די מיטינגען און פאַרזאַמלונגען זיין שטענדיק אָנגעפילט מיט מענטשן און דאַן פלעגט די לופט אָנגעפילט ווערן מיט „פּולווער", אַז אַט, אַט, האָט געקענט אויסברעכן אַ געשלעג. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, פלעגן זיך די געמיטער אָפּקילן, דער עולם פלעגט זיך איינשטילן, דער רעדנער פלעגט ענדיקן זיין רעדע און דער פריערדיקער צעהיצטער עולם פלעגט זיך פאַנאַנדערגיין אַ היים אָן אַ געשלעג.

גאָרזד איז ניט געווען קיין גרויסע שטעטל. די אַלגעמיינע באַפעל־קערונג האָט געציילט ביי אַ 3000 איינוווינער, פון זיי ביי אַ 90% יידן. די קריסטן האָבן געלעבט אין די קוּווער־געסלעך און אַרום דער שטאָט.

ווי קליין אונדזער שטעטל איז געווען, אַזוי האָב איך איר ליב געהאַט! עפּעס האָט זי זיך אונטערשיידט פון אַנדערע שטעטלעך אין איר גרויס. די מענטשן, דוכט זיך, זיינען אַפילו געווען אַנדערע. מער פריינדלעכע און מער מיטפילנדע. מען איז געווען איבערגעגעבן איינער פאַרן צווייטן. ווען ס׳האָט, חלילה, עפּעס פּאַסירט ביי איינעם אַן אומגליק, האָט מיטגע־טרויערט דאָס גאַנצע שטעטל. אַט אַזעלכע זיינען געווען גאָרזדער יידן. יעדער האָט געזוכט מיט עפּעס מיטהעלפן דעם צווייטן מיט וואָס נאָר מ׳האָט געקענט. און דעריבער האָט זיך אין גאָרזד געגרינדעט אַ „לינת־הצדק״, אַ גמילת־חסדים קאַסע און שפּעטער אויך די יידישע פאָלקס־באַנק, וועלכע האָט זייער פיל געהאָלפן די שטעטלדיקע יידן מיט געבן הלוואות די סוחרים צו קענען פירן זייערע געשעפטן.

אויפן ספּאָרט־געביט איז גאָרזד אויך ניט אָפּגעשטאַנען אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעטלעך. ס׳האָט זיך געגרינדעט די „מכבי״ און שפּעטער אויך אַנדערע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס. „מכבי״ האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע פוטבאָל־פאַרמעסטן (מעטשן). זונטיק פלעגן שוין אַלע וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דער אָנקומענדער פוטבאָל־מאַנשאַפט פון מעמעל, אָדער פון אַן אַנדער שטאָט. דאַן פלעגן אַלע לויפן אין שטאָט־גאָרטן, וווּ ס׳האָט זיך געפונען דער פוטבאָל־פּלאַץ און דאַן פלעגט דער שטאָט־גאָרטן זיין אָנגעפילט מיט מענטשן: יונג און אַלט, אַלע האָבן געזאָרגט, אַז אונדזער גאָרזדער „מכבי״ זאָל חס־וחלילה ניט פאַרשפּילן...

שפּעטער שוין האָבן מיר געגרינדעט אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכער מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „צעירי־התחיה״. דאָס איז געווען אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו פאַרשפּרייטן די העב־רעאישע שפּראַך צווישן דער יידישער יוגנט. חברה ליצים האָבן אונדז געוואָלט אויסלאַכן און האָבן אונדז אַ נאָמען געגעבן „לעבעדיקע מתים״... דאָס האָט אָבער ניט געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון אונדזער אָרגאַניזאַציע און זי האָט זיך זייער גוט און דערפאָלגרייך פאַר־שפּרייט צווישן דער יוגנט. ערשט נאָכער, ווען די „צעירי־התחיה״ האָט זיך שוין גוט פאַרפעסטיקט, האָבן מיר געגרינדעט די העברעאישע ביב־ליאָטעק, וועלכע האָט מיט דער צייט אַריינגעצויגן די גאַנצע יידישע יוגנט, וועלכע האָט אָנגעהויבן לייענען העברעאישע ביכער.

אַט אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט די יידישע קהילה אין גאַרזד. יידן האָבן געלעבט אין פריידן און זיינען געווען צופרידן. אַזוי האָט דאָס לעבן אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1939, ווען היטלער האָט אָפּגענומען מעמעל פון ליטע און איר אָנגעשלאָסן צו דייטשלאַנד. מיט איין מאָל האָט זיך ווידער געפונען דער אַלטער אַמאָליקער גרענעץ, אָבער איצט שוין מיט דער אַנטיסעמיטישער נאַצישער דייטשלאַנד. נאָך דער אַנעקסיע פון מעמעל דורך דייטשלאַנד, זיינען די יידן, וואָס האָבן געלעבט אין מעמעל, געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן פון שטאָט, איבערלאָזנדיק כמעט זייער גאַנצן פאַרמעגן אויף הפקר און האָבן זיך צוריקגעקערט צוריק אין זייערע שטעטלעך, פון וואַנען זיי זיינען געקומען קיין מעמעל מיט 18 יאָר צוריק. ערשט דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע צייטן פאַר די גאַרזדער יידן בכלל און פאַר דער גאַרזדער יוגנט בפרט, סיי גייסטיק און סיי מאַטעריעל, היות ווי דער הויפּט דערנערונגס־פּונקט, וווּ יידן האָבן געצויגן זייער פּרנסה, איז מיט אַ מאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן. די אַרבעטס־פּלעצער, וווּ די יוגנט האָט געאַרבעט, זיינען צוגענומען געוואָרן. אַזוי אַרום אַז אַ סך פון דער יוגנט, וואָס האָט נאָך געהאַט עטוואָס מעגלעכקייטן, האָבן פאַר־לאָזן גאַרזד און זיינען געפאָרן זוכן אַרבעט אין די גרעסערע שטעט אין ליטע. דער רוב פון דער גאַרזדער יוגנט האָט זיך דאַן באַזעצט אין קאָוונע — אין דער הויפּט־שטאָט פון ליטע, וווּ מ׳האָט געפונען אַרבעט און מעגלעכקייטן פון עקזיסטענץ.

אין אויגוסט 1939, האָט די גאַרזדער יידן געטראָפן אַ גרויסער אומגליק, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה און אַ 150 הייזער זיינען אַוועק מיטן רויך, און אַ 150 פאַמיליעס זיינען פאַרבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. די לאַגע איז דאַן געוואָרן זייער שווער. ווער ס׳האָט געהאַט קרובים אין אַנדערע שטעט איז אַוועקגעפאָרן צו די קרובים. די וואָס האָבן אָבער ניט געהאַט קיין קרובים און האָבן ניט געהאַט וווהין צו פאָרן, זיינען אויך ניט געבליבן אין דרויסן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. אַט טאַקע דאַן האָבן די גאַרזדער יידן, ווען די שריפה האָט ניט אָנגערירט, אַרויסגעוויזן זייער גוטהאַרציקייט און די בעסטע מידות פון הילף. ווער ס׳האָט נאָר געהאַט די קלענסטע מעגלעכקייט האָט צוגענומען צו זיך אין שטוב אַ נויטבאַדערפטיקן און אַוועקגעגעבן אַ חדר פון זיין דירה.

אַזוי אַרום האָט יעדער ווידער געפונען אַ דאַך איבערן קאָפּ.

אין חודש יוני 1940, ווען ליטע איז אַנעקסירט געוואָרן דורך די רוסן און די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט אויך אונדזער גרענעץ־שטעטל גאָרזד, איז זי דאַן פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס גרענעץ־געביט און ס'איז פאַרבאָטן געוואָרן צו באַזוכן דאָס שטעטל אָן אַ דערלויבעניש פון די מאַכט־אָרגאַנען. אויב אַ גאָרזדער איינוווינער האָט אויך געוואָלט אַרויספאָרן פון גאָרזד אַפילו אויף אַ קורצן באַזוך אין אַן אַנדער שטעטל, האָט ער געדאַרפט האָבן אַ דערלויבעניש פון דער גאָרזדער געמיינדע, כדי צו קענען נאָכער צוריקקומען צו זיין פאַמיליע.

די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידן אין גאָרזד איז געוואָרן הויפּט־זעכלעך שווער, היות ווי דער פּריוואַט־האַנדל איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און די יידן האָבן פאַרלוירן זייערע מקורות פון פּרנסה. די אַרבעטס־פּלעצער ביי דער רעגירונג זיינען געווען זייער ווייניק און אויך די וואָס האָבן שוין מצליח געווען צו איינאָרדענען זיך אויף אַ רעגירונגס־אַרבעט, האָט באַקומען אַ נישטיקן געהאַלט.

אַזאַ לאַגע האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ס'האָט זיך דערנענטערט די גרויסע קאַטאַסטראָפע פאַר די גאָרזדער יידן. דעם 22־סטן יוני 1941 איז פּלוצלינג אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. דאָס איז געווען אין אַ זונטיקדיקן טאָג, ווען די דייטשע אַרמיי האָט אָנגע־הויבן דעם גרויסן אָנגריף אויף רוסלאַנד און ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און די דייטשע מיליטער־טיילן האָבן אַריינגעמאַרשירט אין גאָרזד נאָך אַ קליינעם ווידערשטאַנד פון דער רויטער אַרמיי.

די ערשטע אַרבעט פון די דייטשע מערדער מיט זייערע ליטווישע מיטהעלפער איז געווען צוזאַמענעמען די יידישע מענער און שפּעטער אויך די פרויען מיט די קינדער און נאָך עטלעכע טעג זיי האַלטן, האָט מען די מענער דערמאָרדעט אויף אַ שרעקלעכן אופן אין שטאָט גופא נעבן דער טאַמאַזשנע. אין אייניקע מאָנאַטן שפּעטער האָבן די דייטשן צוזאַמען מיט די ליטווינער דערמאָרדעט אויך די פרויען און די קינדער...

איר דייטשע הענקערס מיט אייערע ליטווישע מיטהעלפער ! מיר וועלן אייך קיינמאָל ניט פאַרגעבן פאַר אייער זינד, וואָס איר האָט אויף אַ

שרעקלעכן אופן דערמאָרדעט אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, פרויען און קינדער. פאַרשאָלטן זאָלט איר זיין אויף אייביק!!!

און איר אונדזערע טייערסטע גאָרזדער קרבנות, מיר וועלן אייך קיין מאָל ניט פאַרגעסן און שטענדיק זייט איר מיט אונדז צוזאַמען. אויף שטענדיק וועט איר זיצן אין אונדזערע הערצער אין יעדן אָרט, ווו מיר וועלן זיך געפינען...

אָט אַזוי איז פאַרניכטעט און אָפּגעמעקט געוואָרן די יידישע קהילה אין גאָרזד.

**סלאַוואַ אַרונוביץ**

# אַ ביסל היסטאָריע

דאָרטן ווו דער ניעמאַן פאַלט אַריין אין באַלטישן ים געפינט זיך די שטאָט מעמל, וועלכע טראָגט טאַקע דעם נאָמען פון טייך (דער ניעמאַן הייסט אויף דייטש מעמעל און אויף ליטוויש הייסט די שטאָט קלאַיפּעדאַ).

ביזן יאָר 1918 האָט מעמל געהערט צו דייטשלאַנד. נאָכן ערשטן וועלט־קריג איז די שטאָט צוגעטיילט געוואָרן צו פראַנקרייך און אין אָנפאַנג 1922 האָבן די ליטווינער פאַרנומען גאַנץ מעמלער קרייז וואָס האָט זיך געצויגן ביז טילזיט (היינט טשערניכאָווסקי). פאַר ליטע איז קלאַיפּעדאַ געוועזן אַ זייער וויכטיקע פּאָרט־שטאָט ביים באַלטישן ים.

17 ק״מ מזרחדיק פון קלאַיפּעדאַ געפינט זיך אונדזער שטעטל גאָרזד, ווו ס'האָבן געלעבט אומגעפער ביי אַ 300 יידישע משפּחות. הונדערטער יאָרן איז ביי גאָרזד געוועזן דער גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. אַז מען פלעגט דאַרפן פאָרן אין קלאַיפּעדאַ, האָט מען זיך געדאַרפט באַזאָרגן מיט אַ גרענעץ־איבערטריט־שיין״, כדי אַריבערצוגיין דעם גרע־נעץ. דאָרטן, אויפן גרענעץ האָט זיך געפונען אַ צאָל־אַמט וואָס פלעגט יעדערן קאָנטראָלירן.

מיט דער אַנטשטייונג פון דער זעלבסטשטענדיקער ליטע איז דער גרענעץ־פּאַס גלייך אָפּגעשאַפט געוואָרן און דער פאַרקער פון גאָרזד קיין מעמל איז געוואָרן פריי, ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער קאָנטראָל און מ'האָט שוין ניט געדאַרפט האָבן קיין דורכפאָר־שיין.

דאָס שטעטל האָט אויפגעלעבט. דער האַנדל האָט זיך פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט. גאָרזדער סוחרים פלעגן פירן אין קלאַיפּעדאַ האָלץ, פלאַקס, פעלן פון בהמות, הינער, גענדז, גריינסן און אַנדערע סחורות. די פורמאַנעס פלעגן פירן פראַכט פאַר די סוחרים און קרעמער פון שטעטל.

די גאָרזדער יוגנט האָט געפונען אין קלאַיפּעדאַ אַרבעט, קינדער האָבן זיך דאָרט געלערנט אין די מיטל־שולן. אַן אויטאָבוס פלעגט פאָרן

עטלעכע מאָל אין טאָג אַהין און צוריק און דער פּאַרקער צווישן ביידע שטעט איז געווען זייער אַ גוטער.

אין רעזולטאַט פון די נייע מעגלעכקייטן האָבן כמעט 80% פון די גאָרזדער יידן געצויגן זייער פרנסה פון קלאַיפּעדאַ. אַזוי איז עס אויך געווען אין אַנדערע ליטווישע שטעטלעך, וואָס האָבן זיך געפונען נאָענט צו קלאַיפּעדאַ.

אַזאַ לאַגע האָט אָנגעהאַלטן ביז מערץ 1939, ווען היטלער־דייטשלאַנד האָט צוריק אַנעקסירט קלאַיפּעדער קאַנט. די שטאָט איז ווידער געוואָרן „מעמעל" און גאָרזד איז ווידעראַמאָל געוואָרן אַ גרענעץ־שטעטל האַרט ביי דער דייטשער גרענעץ. דאָס מאָל איז אָבער די לאַגע פאַר די יידן געוואָרן אַ סך ערגער. אויב ביזן יאָר 1922 האָט מען נאָך געקענט אַריבערגיין דעם גרענעץ און אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט יענער זייט — איז עס איצט לחלוטין געוואָרן אוממעגלעך. אַלע יידן וואָס האָבן זיך געפונען צו יענער צייט אין מעמל, האָבן געמוזט אין משך פון 24 שעה פאַרלאָזן די שטאָט. אויך די דאָרטיקע קלאַיפּעדער יידן, וואָס האָבן פון דור־דורות געלעבט אין דער שטאָט, זיינען געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק דאָס גאַנצע פאַרמעגן.

מעמל איז דערקלערט געוואָרן אַלס „יודענריין". אַזוי אַרום זיינען די גאָרזדער יידן אָפּגעריסן געוואָרן פון דעם הויפּט־קוואַל פון פרנסה. אייניקע זיינען געפאָרן זוכן אַרבעט אין אַנדערע שטעט פון ליטע, אָבער ווו האָט מען געקענט געפינען אַ באַשעפטיקונג? ליטע איז געווען אַ קליין נישט אַנטוויקלט און אָפּגעשטאַנען לאַנד, וואָס האָט ערשט מיט 20 יאָר צוריק באַקומען איר אומאָפּהענגיקייט און זי האָט נאָך ניט באַוויזן ווי געהעריק צו אַנטוויקלען אַ ווירטשאַפט. די עקאָנאָמיק פון לאַנד האָט זיך ערשט געפונען אין אַ סטאַדיע פון אַנטוויקלונג.

איז וואָס איז געווען דער אויסוועג?

עמיגרירן קיין אויסלאַנד? אַלע טויערן זיינען דאַן געווען פאַרמאַכט. קיין עמיגראַציע מעגלעכקייטן זיינען ניט געווען, האָבן זיך טאָקע די גאָרזדער יידן, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע מקורות פון פרנסה, געפונען אין זייער אַ שווערער לאַגע.

אַ האַלב יאָר שפּעטער איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. סוף זומער 1939 איז אין גאָרוד אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה און ס׳האָבן אָפּגעברענט אַ העלפט פון די יידישע הייזער. אָבער טראָץ דעם איז כמעט קיינער פון שטעטל ניט אַרויסגעפאָרן. מען האָט געדונגען דירות און פאַרגעזעצט ווייטער דאָס לעבן. אייניקע משפחות האָבן אַפילו אָנגעהויבן צו בויען נייע הייזער.

אַזוי אַרום זיינען די גאָרודער יידן געווען צוגעבונדן צום שטעטל, צו זייער געבוירן־אָרט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער שונא האָט זיך געפונען בלויז געציילטע קילאָמעטער הינטערן שטעטל.

דעם 15־טן יוני 1940 האָט דער ראַטנפאַרבאַנד פאַרנומען די באַל־טישע לענדער. ליטע איז געוואָרן סאָוועטיש. און ווען די רויטע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט אין גאָרוד, האָבן די יידן געמיינט אַז דער גרענעץ געפינט זיך שוין איצט אין בעסערע הענט. דער ראַטנפאַרבאַנד איז דאָך פאָרט אַ גרויסמאַכט מיט אַ גרויסער שטאַרקער אַרמיי און דערצו איז דאָך געשלאָסן געוואָרן אַ פריינטשאַפט־אָפּמאַך צווישן דעם ראַטנפאַר־באַנד און דייטשלאַנד.

אומגעפער אַ יאָר שפּעטער, דעם 22־טן יוני 1941 איז דאָס היט־לעריסטישע דייטשלאַנד אָנגעפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע אָפּמאַכן וואָס זיינען פריער אונטערגעשריבן געוואָרן צווישן ביידע מדינות.

*

גאָרוד מיט אַנדערע שטעטלעך וועלכע האָבן זיך געפונען ביים גרענעץ איז געווען פון די ערשטע קרבנות. די געאָגראַפישע לאַגע פונעם שטעטל איז געווען אַזאַ, אַז זי האָט געהאַט דעם גרענעץ פון צוויי זייטן: פון מערב ביי דעם דייטשן דאָרף לויגאַלן און פון צפון — ביים דאָרף דאַוויללען. דרום־מזרחדיק פון גאָרוד שטראָמט די ברייטע טייך מיניע, איבער וועלכער ס׳איז געווען אַ בריק און דאָס איז פאַקטיש געווען דער איינציקער וועג צו אַנטלויפן פון שטעטל.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייער אָנגריף 4 אַזייגער פאַרטאָג און פון 2 זייטן האָבן די דייטשע מאָטאָריזירטע קאָלאָנעס אַריינמאַרשירט מיט גרויס פאַראַד אין גאָרוד. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און זיי האָבן

פֿאַרכאַפּט דעם בריק איבערן טייך. אַנטלויפֿן האָט מען שוין ניט געקענט. דער וועג אויף מזרח איז געווען אָפּגעשניטן.

פֿאַר די גאָרזדער יידן האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער גיהנום. די יידישע גאַסן וואָס האָבן זיך געפֿונען אין צענטער פֿון שטעטל האָבן געברענט, אַרויסגיין פֿון די הייזער איז געווען סכנות נפֿשות, די שיסערייַ און די קאַנאָנאַדע פֿון די האַרמאַטן האָבן געצוווּנגען די מענטשן צו פֿאַרשטעקן זיך אין פֿאַרשידענע לעכער, אַלע יידישע מענער אַן אונטער־שייד פֿון עלטער האָבן די דייטשן שוין צוגענומען אין די ערשטע טעג פֿון דער אָקופּאַציע. שפּעטער האָט מען דערציילט אַז מ׳האָט זיי אַוועק־געפֿירט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. די פֿרויען מיט די קינדער האָט מען פֿאַרשפּאַרט אין אַ לאַגער אין דערבייאיקן דאָרף אַנעלישקיס, ווו מ׳האָט זיי אין משך פֿון עטלעכע טעג געהאַלטן אין אַ שייער אין די סאַמע ערגסטע באַדינגונגען: אין הונגער, שמוץ, ענגשאַפט און אָן אַ טראָפּן וואַסער.

די יונגע האָט מען אַוועקגעפֿירט אויף שווערע פֿיזישע אַרבעט אָפּצו־רייניקן די חורבות פֿון שטעטל. מ׳האָט זיי געהאַלטן איזאָלירט און קיין שום פֿאַרבינדונג מיט דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג האָט מען ניט געטאָרט האָבן.

דאָס איז געווען דער אמתער, טרויעריקער שרעקלעכער גרוס וואָס מיר, אייניקע גאָרזדער, האָבן געהערט, געפֿינענדיק זיך אין קאָוונער געטאָ. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אויך די פֿרויען און קינדער האָבן די דייטשן — מיט דעם אַקטיוון אָנטייל פֿון די ליטווישע מערדער — אַרויסגעפֿירט אין אַנעלישקער וואַלד און אַלעמען דאָרט אויסגעשאָסן, ניט שאַנעווענדיק אַפֿילו די זויגקינדער.

לויט ווי מ׳האָט אונדז דערציילט שוין נאָך דער מלחמה, איז דאָס געווען אין סעפּטעמבער **1941**.

אַזוי איז אומגעבראַכט געוואָרן די יידישע קהילה אין גאָרזד. מיר, דאָס ביסל לעבנגעבליבענע, זיינען פֿאַרבליבן מיט אַן אומענדלעכן טיפֿן ווייטיק און טרויער אין האַרצן. מיר זיינען געבליבן פֿאַריתומט, אָן מש־פּחות, אָן יידן און אָן אַ געבוירנשטאָט.

ווער קען זיך דאָס פֿאַרשטעלן גאָרזד אָן יידן?! און ווער קען זיך

דאָס פאַרשטעלן גאָרזד אַן דעם יידישן לשון אויף די גאַסן און געסלער פון שטעטל? און אויב מ׳זעט איצט די נייע גאַסן און הייזער וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט אויסגעבויט, זיינען זיי אַפילו ניט ענלעך אויף די געוועזענע יידישע גאַסן — זיי זיינען אונדז פרעמד — זיי געהערן ניט צו אונדז...

מיר, די שארית הפליטה פון גאָרזד, וועלן קיין מאָל ניט פאַרגעסן און פאַרגעבן די דייטשע מערדער און זייערע ליטווישע מיטהעלפער פאַר דעם טויט און חורבן פון אונדזערע טייערע און בעסטע — פאַר די עוולות און פאַרברעכנס וואָס זיי זיינען באַגאַנגען קעגן אונדזער פאָלק, פאַר גאָרזד אַן יידן.

יצחק גודמאַן

# גאָרזד

דער בית־מדרש, וואָס איז אין משך פון דורות געווען דער צענטער פון אַלגעמיינע קהלשע ענינים, האָט אין דער תקופה פון דער אומאָפּ־הענגיקער ליטע ביסלעכווייז אָנגעוואָרן זיין „פּאָליטישן" כאַראַקטער. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער יידישער יוגנט האָט זיך געהאַט אַריבערגעטראָגן אין די פּאַרטיי־לאָקאַלן.

די יוגנט איז געוואָרן פּאַרטיי־באַוווּסטזיניק. אין גאָרזד האָבן עקזיס־טירט פאַרשיידענע ציוניסטישע פּאַרטייען, פון רעליגיעזן „מזרחי" ביז דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן „השומר־הצעיר" און „החלוץ". אַ באַ־זונדער חשוב אָרט האָט פאַרנומען די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מכבי". אירע מיטגלידער האָבן זיך רעקרוטירט פון אַלע פּאַרטיי־שיכטן (אין ליטע איז „מכבי" געווען אַ ציוניסטיש־בירגערלעכע ספּאָרט־אָרגאַני־זאַציע). יעדע פון די אָרגאַניזאַציעס האָט זיך געהאַט איר אייגענעם לאָקאַל און איר „פּראָפּאַגאַנדע"־אַפּאַראַט. בלויז אַ קליינע גרופּע „תפארת־בחורים", וואָס פלעגט עטלעכע מאָל אין דער וואָך לערנען תנ"ך און משניות, האָט אָנגעהאַלטן דעם בית־המדרש פאַר איר לאָקאַל. דערפאַר טאַקע האָט די „תפארת־בחורים" אַזוי ווי די „חברה קדישא" פאַרנומען דעם אויבנאָן אין אַלע בית־המדרש שימחות, באַזונדערס שמחת־תורה און „שבת־בראשית".

טראָץ דער וועלטלעכקייט פון דער ציוניסטישער יוגנט, פלעגט זי דאָך גיין אין די שבתים און ימים־טובים אין בית־המדרש אַריין. ווער ס'פלעגט גיין צוליב כיבוד־אב אָדער יראת אב ואם און ווער צוליב געוווינהייט. פלעגט מען אין צייט פון קריאת־התורה דיסקוטירן פּאָליטיק און זיך אויסטענהן מיט פּאָליטישע קעגנער. באַזונדערס איז געווען פּאָ־ליטיש היימלעך אין די ימים־טובים, ווען אַ טייל פון גאָרזדער יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין ישיבות און גימנאַזיעס אין גרעסערע שטעט, פלעגט קומען אַהיים.

די חלוצים פון גאָרזד ווי אויך די חלוצים פון אַרום גאָרזד, אין

מעמלער קרייז, פון זיי אַ סך אינטעליגענטן און אַנדערע מיט דיפּלאָמען האָבן פיל בייגעטראָגן צו דעם שוווּנג פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אונדזער שטעטל.

ווי געוויינטלעך אין ליטווישע שטעט און שטעטלעך איז אויך אין גאָרזד געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע פאָלקס־באַנק. דאָס גאַנצע יידישע מיסחר־ און קרעמער־לעבן איז פאַקטיש געווען אָפּהענגיק פון די קרעדיטן פון פאָלקס־באַנק. דער „גמילות־חסד״, געגרינדעט געוואָרן דערהויפּט מיטן געלט פון גאָרזדער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, פלעגט אַרויסגעבן אַן־פּראָצענטיקע און לאַנג־טערמיניקע הלוואות בלויז פאַר קאָנסטרוקטיווע צוועקן. דער „לחם־עניים״ און „ביקור־חולים״ פלעגן אַרויסגעבן חודשלעכע שטיצע פאַר די שטעטלשע אָרעמע מענטשן. דער „לינת־הצדק״ פלעגט בלויז אַכטונג געבן אויף קראַנקע, אָרעם צו רייך, ספּעציעל אין די נעכט, און פלעגט אויך אויסלייען פאַרשיידענע מכשירים — גומענע וואַרעם־זעקלעך, קאַנעס, טערמאָמעטערס א. אַ. וו.

די „תלמוד־תורה״ אין גאָרזד האָט אין די לעצטע יאָרן געקראָגן אַ מלוכה־סטאַטוס און ס׳איז געוואָרן אָבליגאַטאָריש צו לערנען אין איר. זי איז דערהויפּט אויסגעהאַלטן געוואָרן פון נדרים און נדבות. טיילווייזע שטיצע (פאַרן ליטוויש־לימוד) האָט זי געקראָגן פון דער רעגירונג. די יידישע פאָלקשול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין די צוואַנציקער יאָרן, איז געווען אַ מלוכה־שול.

אַ באַזונדער וויכטיק אָרט האָבן פאַרנומען די צוויי ביבליאָטעקן, די יידישע און העברעאישע. די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט האָט מער געלייענט העברעאיש. ביידע ביבליאָטעקן זיינען געווען רייך מיט ביכער. דער גאָרזדער לאַנדסמאַן, שמואל זאַקס, אייגנטימער פון דער פאַבריק „משי״ אין רמת־גן, פלעגט אונטערשטיצן מיט געלט און ביכער ביידע ביבליאָטעקן. פון צייט־צו־צייט פלעגן די ביבליאָטעקן איינאָרדענען לעקציעס און געזעלשאַפטלעכע משפּטים אויף פאַרשיידענע אַקטועלע טעמעס.

אין די לעצטע יאָרן, ווען דער ליטווישער רעזשים איז אַלץ געוואָרן מער אַנטיסעמיטיש, האָט אַ גרויסע טייל פון דער גאָרזדער יידישער יוגנט אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל, אַמעריקע און דרום־אַפריקע.

גאָרזד איז געווען פון די ערשטע ליטווישע שטעלעך, וואָס איז

טראַגיש אומגעקומען. די נאַצישע חיילות פון מעמל האָבן דעם 22סטן יוני 1941, זיך מערדערלעך אַריינגעריסן קיין גאָרזד. אַלע יידישע מענער זיינען גלייך אין די ערשטע טעג אויסגעשאָסן געוואָרן. די פרויען האָט מען פאַרשלעפּט אין די דערבייזיקע דערפער און זיינען אומגעקומען אין עטלעכע חדשים שפּעטער. גאָר ווייניק גאָרזדער יידן האָב זיך געראַ־טעוועט.

כבוד דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים וטהורים!

# גורזד
# כפי שהיא חיה בזכרוננו

**יהודית לשם**

# זכרונות פון גאָרזד

דאָס האָט פּאַסירט, וואַרשיינלעך אין יאָר 1908, אָדער 1909.

אין יענער צייט האָט אין רוסלאַנד אַרומגעכאַפּט אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען. צעיושעטע כוליגאַנעס, אָרגאַניזירטע אין באַנדעס, האָבן פּאָג־ראָמירט יידישע הייזער, געשעפטן, געמאָרדעט און געשלאָגן. ס׳זיינען געווען פיל קרבנות און פאַרוואונדעטע צווישן דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג, באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך פון יידישן תחום המושב. אַ פּחד האָט אַרומגענומען די יידן און דאָס האָט אויך געווירקט, אַז פיל יידן האָבן עמיגרירט פון רוסלאַנד אין די ווייטע לענדער און באַזונדערס קיין אַמעריקע.

די דאָזיקע כוואַליע פון פּאָגראָמען האָט אויך דערמוטיקט אונדזערע גויים אין גאָרזד און אומגעגנט. דאָנערשטיק איז געווען אַ מאַרק־טאָג און גויים זיינען געקומען פון די אַרומיקע דערפער און האָבן געבראַכן שויבן אין די יידישע הייזער, געראַבעוועט יידישע געשעפטן און געשלאָגן יידן. אַ פּחד האָט באַהערשט די יידן אין גאָרזד.

מיר האָבן דאַן געוווינט אויפן טאַמאַזשנע און לויט די באַגריפן פון גאָרזדער שטרעקעס, איז דאָס געווען ווייט פון מאַרק־פּלאַץ. איך געדענק אַז מען האָט ביי אונדז אין שטוב געבראַכט פיל קינדער צו פאַרהיטן זיי פון די פּאָגראָמשטשיקעס.

*

אַ יאָר צוויי שפּעטער, נאָך דער געשעעניש, דאָס איז געווען אַ פריי־טיק צו נאַכט, ווען די שבתדיקע ליכט האָבן געברענט, האָבן מיר פּלוצלינג דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּן אין טיר. מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. דער פאָטער האָט זיך גלייך גענומען צו זיין „געווער״, וואָס איז באַ־שטאַנען פון אַ שטעקן און געגרייט זיך עפענען די טיר און אַרויסגיין אַנטקעגן דעם גנב, אָדער גזלן און „מכבד״ זיין אים מיטן שטעקן איבערן




בית הספר הגרמני בסוף מלחמת העולם הראשונה
לפנים — בי"ס רוסי — ובימי ליטא העצמאית — בי"ס ליטאי

קאָפּ, אָבער ווי פאַרוווּנדערט איז געוואָרן מיין פאָטער, ווען דערנענ־טערנדיק זיך צום טיר, האָט ער דערהערט ווי אַ ייד רופט: „ראַטעוועט מיך!" דאָס איז געווען אַ ייד פון פעטערבורג, אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער צאַרישער פּאָליציי. ער האָט געוואָלט דורכ־שמוגלען דעם גרענעץ נאָך מעמעל, אָבער ער האָט פאַרבלאָנדזשעט און איז געגאַנגען אין אַ פאַרקערטן וועג, ניט אין דער ריכטונג ווו ער האָט געדאַרפט: אַנשטאָט צו גיין צו דער דייטשישער גרענעץ, איז ער על פּי טעות געגאַנגען צוריק און זעענדיק ברענען ליכט ביי אַ יידן אין שטוב, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר צו אונדז.

מיר האָבן אים פאַרשטייט זיך אַריינגעלאָזן, ער האָט ביי אונדז גענעכטיקט, געבליבן אויף שבת. דאַן איז מיין פאָטער אַוועק צו דעם יידן, וואָס פלעגט אַדורכפירן די גרענעץ און האָט מיט אים זיך דעררעדט,

אַז ער וועט גלייך, נאָך הבדלה אַריבערפירן דעם יידן דורך דער גרענעץ.

מוצאי שבת, גלייך נאָך דער הבדלה, איז געקומען דער איבערפירער צוזאַמען מיט אַ קריסט און מען האָט דעם ייד איבערגעפירט צוריק צו דער גרענעץ פון גאָרוד צו לויגאַלן און ער איז אַהין אָנגעקומען בשלום.

זונטיק, איז מיין פאָטער אַוועקגעפאָרן קיין לויגאַלן און האָט זיך געטראָפן מיט דעם ייד. נאָכער איז דער דאָזיקער ייד אָפּגעשוווּמען מיט דער שיף פון מעמעל קיין אַמעריקע, און ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ער אונדז געשיקט אַ דאַנק־בריוו, פאַר דעם חסד וואָס מיין פאָטער האָט אים געטאָן און אים אַרויסגעהאָלפן אין אַן עת־צרה...

*

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן 1916־1917, האָבן די דייטשן געבראַכט יידישע בחורים פון פוילן אַלס צוואַנגס־



הצגת תיאטרון „שולמית” לגולדפאַדן בשנת 1918, בבימוי של איציק רמן. בין המשתתפים — יהודית לשם

אַרבעטער צו בויען אַ באַן־ליניע פון ליטע נאָך דייטשלאַנד. די בחורים האָבן אין דעם צוואַנגס־לאַגער זייער פיל געליטן פון הונגער, קעלט, זיי זיינען געווען אָפּגעריסן און באָרוועס, און זיי זיינען געווען אומגליקלעך.

אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן זיינען צוויי פון זיי געקומען אין גאַרזד און האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם פון בית־המדרש. מיין פאָטער האָט די נייעס געבראַכט פון שול און אין שטעטל האָט זיך גערודערט... און אַזוי ווי עס פירט זיך, איז דער פאָטער שבת נאָכמיטאָג געגאַנגען שלאָפן, האָב איך גענומען ביי דער מאַמען אַ פּאָר שטיקלעך פיש מיט בולקעלעך און אַוועקגעשיקט מיט מיין ברודער בעני צו די צוויי יידישע צוואַנגס־אַרבעטער אין בית מדרש, זיי זאָלן אָפּעסן און שטילן דעם הונגער. איך האָב אויך געבעטן מיין ברודער, אַז ער זאָל זיי זאָגן, אַז 4 אַזייגער זאָלן זיי קומען צווישן די צוויי גערטנער פון זוסע־מענדע אוריאַש.

4 אַזייגער בין איך אַוועק צו זיי און זיי פאַרשפּראָכן, אַז מאָרגן וועלן זיי האָבן אַ צימער און אויך טעג צו עסן און באַזאָרגן זיי אויך מיט די נויטיקע מלבושים, ווייל זיי זיינען געווען נאַקעט און באָרוועס...

צו די צוויי זיינען צוגעקומען נאָך צוואַנגס־אַרבעטער און ווען די צאָל איז שוין געוואָרן 8—12, האָב איך זיך נאָך געקענט ווי עס איז אַן עצה געבן, אָבער שפּעטער ווען עס זיינען שוין אָנגעקומען אין די צענדליקער און די צאָל האָט שוין דערגרייכט ביז 82, האָב איך דאַן שוין גענומען צו הילף מיכע מעלאַמעד און קלמן פּלאַטוס. מיר האָבן געמאַכט אַ ספּעציעלן ביכל און יעדער איינציקער פון שטעטל האָט געצאָלט אַ חודשלעכן אָפּצאָל צו הילף די ליידנדע צוואַנגס־אַרבעטער. איך פערזענלעך האָב פיל מי און ענערגיע געווידמעט, כדי צו העלפן די ליידנדע צוואַנגס־אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אונדזער הילף און נאָך מער — אין אַ וואַרעמער, מענטשלעכער און האַרציקער באַציונג. אין יענער צייט האָט איך זייער פיל אַדורכגעמאַכט, אָבער די גרעסטע סאַטיספּאַקציע האָב איך געהאַט, וואָס מיר האָבן געהאָלפן אומגליקלעכע מענטשן אין זייער אַ שווערער צייט און געהאָלפן זיי שטעלן זיך אויף די פיס.

אייניקע פון די דאָזיקע געוועזענע צוואַנגס־אַרבעטער זיינען געווען גאַנץ אינטעליגענטע און געבילדעטע מענטשן. 3 פון זיי האָבן שפּעטער

חתונה געהאַט אין גאָרוז, זיך איינגעאָרדנט און האָבן זיך איינגעגלידערט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל. זיי זיינען געווען אַקטיוו אין אייניקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין גאָרוז.

אין יאָר 1919 זיינען זיי באַפרייט געוואָרן. דאָס זיינען געווען איינע פון מיינע גליקלעכסטע טעג.



בית הספר הגרמני בלאוגאלן בתקופת מלחמת העולם הראשונה

*

דער קוואַל איז געווען אַ טייל פון אַן אויסערגעוויינלעך שיינער לאַנדשאַפט פון אונדזער שטעטל. הינטער דער תיפלה, וואָס איז גע־שטאַנען ביים סאַמע ברעג פון מאַרק־פּלאַץ, האָט זיך אָנגעפאַנגען דער וועג צו דער מיניע, צום בריק, וואָס איז געווען אַ באַרג אַראָפּ פון ביידע זייטן, באַוואַקסן געדיכט מיט הויכע גראָז און בוימלעך. אין סאַמע באַרג, האָט זיך געדרייט אַ שמאָלער שטעג צום קוואַל. גאַרזדער יוגנט פלעגן זומער, שבת פרי און אין די פאַרנאַכטן זיך קלייבן ביים קוואַל און געטרונקען די קריסטאַל־קלאָרע קאַלטע וואַסער, וואָס האָט אַן אויפהער געפלאָסן טאָג און נאַכט און האָט געבילדעט אַ מין זילבערנעם שטראָם באַרג אַראָפּ און געשווענקט די גלאַנציקע שטיינער, וועלכע האָבן אַרויס־געקוקט די גאַנצע וועג ביז צו דער מיניע.

ניט ווייט פון דאָרטן, האָט זיך אַן אויפהער געדרייט אַ גרויסע היל־צערנע ראָד פון דער וואַסער־מיל. די וואַסער־מיל האָט געהערט צו אַ דייטש, וואָס האָט געהייסן פּריקאָפּ און שטענדיק האָט מען אים גע־קענט זען מיט אַ לאַנגער פּיפּקע אין מויל, וועלכער ער האָט גערויכערט אָן אויפהער.

אַנטקעגן קוואַל איז געשטאַנען דעם גראַפס פּאַלאַץ. דער גראַף איז געווען אַ קאַמערהער ביים קייסער ניקאָלאַי און ער פלעגט פון צייט צו צייט קומען אַהיים אין גאַרזד צו זיין פּרוי, וועלכע איז געווען פּאַראַ־ליזירט און געזעסן אויף אַ וועגעלע. דער גראַף פלעגט ביינאַכט אָנצינדן אין פּאַלאַץ אַ קאַרביד־לאָמפּ (קיין עלעקטריע איז דאַך דאַן אין גאַרזד ניט געווען) און דאָס האָט באַלויכטן דאָס שטעטל אויף אַ ווייטער שטרעקע.

שבת פרי פלעגט מען עפענען דעם גראַפס גאָרטן און מיר פלעגן אַלס קינדער זיין זייער נייגעריק צו זען דעם גראַפס גאָרטן און איבער־הויפּט די באַראַנעסע. דער פּאַרק האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט ווי אַ צויבער־ווינקל, פול מיט סודות און איך געדענק אַז איינמאָל האָט דעם גראַפס זון, וואָס איז געווען אַ קינד אין אונדזער עלטער אָנגערייצט אויף אונדז אַ גרויסן הונט. מיר פלעגן דאַן אין גרויס שרעק אַנטלויפן ווי דער פעפער וואַקסט...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דעם גראַפס גאָרטן געווען אָפן פאַר

אַלע און דער אַריינגאַנג איז געווען פריי. מיר, די גאַרזדער יידישע יוגנט, האָבן דעם פּלאַץ זייער פיין אויסגענוצט צו פאַרברענגען אונדזער פרייע צייט.

פון יענעם זייט בריק האָט זיך אָנגעפאַנגען דער וואַלד. ער האָט זיך געצויגן אויף גרויסע מרחקים. דער וואַלד איז געווען געדיכט, שטענדיק טונקל און קיין וועג האָט מען דאָרט ניט געזען. מאָדנע געפילן האָט אונדז שטענדיק באַהערשט ווען מיר פלעגן אַריינגיין טיפער אין וואַלד. אַ געהיימניש און אַ נייגעריקייט איז ביי יעדן איינציקן געווען. פאַרשיידענע מעשהלעך און פאַסירונגען פלעגט מען דערציילן וועגן וואַלד, מעשיות שרעקנדיקע וועגן גזלנים און רויבער אין וואַלד און דאָס האָט נאָך מער געמאַכט דעם וואַלד פאַר אונדז מער סודותדיקער און געהיימעניש־פולער... אַריבערגיין דעם בריק און אַריינגיין אין וואַלד, האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסער גבורה און קיין סך בעלנים האָבן זיך ניט געפונען, וועלכע האָבן זיך אָן פחד געלאָזן אַריינגיין אין וואַלד...




גן העיר

**רבקה נוה (כ״ץ)**

# כך נפרדתי מהבית

היום תשעה באב. ביום זה חרב הבית. גם ביתי שלי חרב בתשעה באב, שכן ביום זה, בשנת תרצ״ו, יצאתי את הבית על מנת לעלות לארץ־ישראל. לא ידעתי אז כי חמש שנים אחרי צאתי יקיץ קץ אכזר על הבית וכל יקירי שבו.

קשתה עלי מאד הפרידה, אך תקוה נסתרת שאשוב בעוד שנים אחדות לביקור, אורחת מארץ־ישראל מוקפת הערצה, הפיגה מעט את הכאב.

היה יום חם. חלונות ודלתות היו פתוחים ושכנים וידידים נכנסו ויצאו. ספר זכרונות, שמישהו הביא לי כמתנת פרידה, היה מונח פתוח על השולחן. שמורים עמי עד היום דפים יקרים שכתבו אחיות חוה, פרומה ואסתרל, ואחי יעקב בנציון — יאַנקעלע ה׳ ינקום דמם. גם כתב ידה של חברתי מילדות לאה יבשיץ מדבר אלי מתוך ספר הזכרונות המצהיב, וכתב ידן של דבורה ובטי וולפוביץ בגרמנית. הקרבה לממל עשתה את הגרמנית בת בית בגורז׳ד.

היה עצוב בבית. בכיתי כל אותו היום. אמא בכתה. אולי בתחושה נסתרת חשנו כי לעולם לא נתראה עוד, ושכל החלום היפה על ביקור בבית כעבור זמן — שטן בדמות שליט צמא־דם מעבר לגבול לועג ומתנכל לו.

ותוך כדי בכי נארזו חפצים. ואמא נלחמת אתי על הוספת עוד סדין, עוד מגבת ועוד כף כסף. אמי היקרה! מי יגלה מעיניך אפר כבשן והיית רואה שזכיתי בארץ וביתי מלא כל טוב, ורק את והילדים הפכתם לכאב צורב בלבי, ופצע זכרונכם לא יגליד בו עד סוף ימי — ארורה היד שהיתה בכם לרעה, בכם ובכל יהודי גורזד השלוים והתמימים.

עוד מעט תהיה השעה ארבע. בערעלע העגלון, יהודי גוץ, עגלגל וחיכני, יבוא לקחת אותנו ללאוגאלן לרכבת הקטנה היוצאת לממל. מן הרגע הזה יתחיל המסע הגדול אל הארץ הנכספת. צער ושמחה מתמזגים למין צבת סביב הלב. אני יודעת היטב שכל באי הבית מקנאים בי על האושר שזכיתי לו — עליה לארץ־ישראל. ארץ־ישראל! כמיהה ומסתורין



רחוב קליפדה (מס' 76) עם האוטבוס הנוסע לממל

ממלאים את מיטב חלומותינו, ומילת הקסם סרטיפיקט — הלא הוא רשיון כניסה לארץ הסגורה ומסוגרת על בריחים של מנדט בריטי. והשנה היא 1935. וכבר עלתה בגרמניה השכנה החיה הנאצית ממאורתה, ופגיעתה רעה ביהודים שם, ויהודי גורזד קולטים את הזעקה מעבר לגבול הקרוב קרוב.

אמא בוכה, כי אני יוצאת למרחקים, ואני מנסה להרגיעה בדברי יוסף במצרים: „כי למחיה שלחני אלוקים לפניכם" אסלול לכם דרך, אביא אתכם לארץ־ישראל. רסיסים של תקוה בת אלפיים שנה יש בהם כח קסום, וכששרק הקטר באותו יום תשעה באב, דימיתי לשמוע בשריקתו צליל מקול שופרו של משיח. אמי היקרה! האם סלחת לי אי פעם על שהוספתי על כוס היגונים של אלמנותך הקודרת והשארתי אותך בוכיה ובודדת על רציף הרכבת בקובנה?

**רבקה נוה (כ"ץ)**

## התגשם החלום והגעתי לארץ

דומה שעם כל הצעירים שהגיעו ארצה מאירופה באותם ימים של ציונות — היינו כנרחפים בחלום של אושר. המכתבים ששלחנו הביתה מלאו את המשפחות גאוה ושמחה. והגשר של נייר בדמות מכתבים היה איתן וקבוע, עד־עד שירדו על ראשי יקירינו עננים שחורים עם הפלישה הרוסית לליטא בשנת 1939. גלויות דואר יקרה שמורה עמי, בה תאר אחי יעקב בנציון־יאַנקעלע כץ הי"ד, תלמיד ישיבת טלז, שהיה אז כבן 17, את האוירה שאפפה אותה באותם הימים. וכך כתב בלשון אלגורית מפני אימת הצנזורה:

„וועגן דעם נייעם „קאַרעב" אין אונדזער פאַמיליע קען איך דיר שרייבן, אַז ווען איך וואָלט געהאַט אַ דעה וואָלט איך אונדזער פריינט ניט געהייסן חתונה האָבן מיט אים. ווייל ער איז אַן אָרימאַן. אַפילו די וואָס האָבן דעם שידוך גע־וואָלט האָבן שוין אויך חרטה. ער האָט זיך אָראָפּגעלאָזן מיט אַ פאַמיליע טאַקע ווי די אָרימע לייט — כחול הים, און דער כאַפּעניש וואָס עס איז געווען אָף די חתונה קענסטו זיך גאָרניט פאָרשטעלן. ווו האָבן זיי דאָס געזען אין די אויגן? טייגלער, ווייַן, לעקאַך און זיי האָבן צוכאַפּט אַז עס איז געבליבן ליידיק די טישן. אַלזאָ — איך וואָלט זיך הייסן גט־ן...

דער וועטער איז נאָך דערוויל נישקשה, מען קען נאָך לערנען. וואָס שפּעטער וועט זיין ווייס מען נאָך ניט. טאָמער עס וועט זיין היצן, וועט מען מוזן נעמען אין האַנט די באַדע־הויזן און גיין זיך באָדן, אפשר וועט נאָך זיין אַ פּליאַזש פאַר אונדזער גאַנצע שולע אין־איינעם..." (רמז לרעיון להעביר את ישיבת טלז בשלמותה למזרח הרחוק)

הגלויה נכתבה שבועיים לפני ראש השנה ת"ש ומסתיימת בברכת כתיבה וחתימה טובה...

אחי, יקירי המסכן! לו ידע מה כתיבה וחתימה לו צופנת בחובה אותה שנה...

אברהם ארנשטיין

# בית אבא ואמא שהיה

את ביתי האהוב והנעים, לא אשכחהו לעולם. כמה טוב היה לשוב הביתה לשבת אחרי העדרות במשך כל השבוע. בני המשפחה היקרים והמסורים היו מקבלים אותי בזרועות פתוחות ומתוך לבביות כנה.

כמה נעימים היו לילות השבת בהיותנו מסובין כולנו יחד אל השולחן ונהנים מסעודת השבת, שהכינה לנו אמנו היקרה. תאבים היינו לשמוע איש מפי רעהו על כל שהתרחש במשך ימי השבוע, שבהם הייתי מחוץ לבית. אחר הסעודה היינו יוצאים לרחובות העיירה ונפגשים עם חברים וחברות. במשך כל ימות השבוע היינו מצפים לשעות נעימות אלה בליל שבת, בהן טיילנו בחבורות עליזות והיינו משוחחים על כל שאירע בעיירה בה היתה מעורבות רבה של כל תושביה כאילו היתה משפחה אחת.

היינו משוטטים בסימטאות העיירה ובצחוק עד קרוב לעלות השחר ונפרדים עד להמשך הפגישה למחרת אחר סעודת השבת.

אבא היה ידוע בשם יוסע אַרע־הערצס. הוא היה סוחר חרוץ, מוכשר ומצליח. הוא היה אבא אוהב ומסור לילדיו ובעל טוב לאשתו. הוא שאף להקנות לבניו ולבתו חינוך טוב ולאפשר להם מעמד איתן בדרך החיים, לפי בחירתו האישית של כל אחד. לצערו ולצערנו, לא נתגשמה שאיפתו זאת בשלמות, כי אסון שירד עליו ערער את כל תכניותיו.

וכך קרה הדבר: בגמר מלחמת העולם הראשונה, כשהצבא הגרמני עוד חנה בגורזד, והליטאים התחילו בהכנות להקמת מדינה עצמאית, והאוירה היתה מתוחה, התחוללה בערב אחד תגרה רצינית בין שני המחנות. באותו ערב חזר אבא מביקור אצל אחיו הירשע, שהיה גר בקרבת מקום. החיילים הגרמנים ראו אדם פוסע בשעות־הלילה, ומבלי לברר מי הוא המתקרב, ירו באבי ופגעו קשה ברגליו. באכזריותם הרבה לא חשו לעזרתו, אלא השאירו אותו מוטל על הארץ ומתפתל בכאבים, באבדו דם רב. עברו שעות רבות, עד שעובר־אורח הבחין באבא הפצוע ומיד הזעיק אותנו. למחרת, כשנודע לגרמנים, כי פגעו באדם חף מפשע, השתדלו לתקן את פשעם. הם הביאו את אבא לבית החולים בעיר קניגסברג. אמא נלוותה אליו בדרכו שמה.

ילד קטן הייתי אז, כשקרה אסון זה לאבא וטרם הבנתי את משמעותו לא הבנתי את מצבו הקשה ושל משפחתנו. ספרו לי, שאבא החליק בלכתו על הקרח ברחוב.

מקניגסברג העבירו את אבא לטיפול בבית חולים בברלין, שם שכב 6 חדשים עד שהחזירו אותו הביתה. בשובו היתה רגלו חבושה בגבס, והוא מדדה על קביים. הופעתו ומראהו הרע החרידו והבהילו אותי,



אלתר ארנשטיין ורעיתו שרה לבית הלינג

וברחתי מפניו והתחבאתי בחדר אחר. במרוצת הזמן — השלמתי עם מראהו של אבא ועם נקישת הקביים של אבא. ריחמתי על אבא, על סבלו הרב ועל נכותו שהגבילה את תנועותיו.

עם זאת לא ניתק אבא את פעילותו החברתית. הוא חידש את השתתפותו הפעילה במוסדות הסוציאליים שבעיירה, כמו: קופת גמילות־חסדים, לינת־הצדק וכד׳. כן היה אבא חבר בועדת הבנק־העממי־היהודי בגורזד.

אמא היתה ידועה בגורזד בשם מיכלע פרויימס. אמא יהודיה טיפוסית היתה, בעלת לב חם ומסורה לילדיה וכן היתה גם לגבי אחרים. אשה שקטה ונוחה לבריות היתה אמא; תמיד ידעה לעודד אדם במילה טובה ובחיוך על שפתיה. אחר האסון שפקד את אבא, קיבלה אמא על עצמה את תפקיד החינוך שלנו, וכמו אבא בשעתו עשתה גם היא הכל, כדי לחנך אותנו לקראת עצמאות בדרכנו. אחת מתכונותיה: היא השתדלה להגיש עזרה לכל אדם. ומצווה זו היתה משננת לנו תדיר: „קבלו את העני בסבר פנים יפות ואל תשיבו פניו ריקם". קולה הערב עדיין מהדהד באזני עד היום. מחלה ממארת קטפה אותה מאתנו, והיא במיטב שנות חייה. רק אחרי פטירתה נודע לנו, מה מרובים האנשים בעיירה, שאמא הטיבה עמהם במתן בסתר ובגמילות-חסד; מעין „שרה בת טובים" היתה לנו ולאחרים.

במשפחתנו היו שלושה אחים ואחות אחת. אחי הבכור שמואל נקרא אלתר. הוא נשא לאישה את שרה הלינג ונולדו להם שתי בנות חמודות: שיינלה ומיכלה אהבתי אותן בכל נפשי. אחותי היחידה בת-שבע נישאה לד"ר קלמן סקולסקי מהעיר קיברט, והם גרו בקובנה. אחי השני יהודה גר יחד עם אבא בגורזד.

חיי המשפחה שלנו היו הרמוניים מאד. רבה היתה הדאגה והמסירות ההדדית, וקשורים איש באחיו בעבותות-אהבה.

ביתנו המה תמיד מרוב אנשים. אל שולחן השבת נסבו תמיד אורחים נזקקים, שאבא היה מביא אותם מבית-הכנסת.

חיים מפוארים אלה נצמתו בידי הרוצחים הגרמניים ועוזריהם הליטאים.

יקירי! לעולם לא אשכח אתכם! אתם חרותים עמוק בלבי, ודמויותיכם עומדות לנגד עיני בכל אשר אפנה! אזכור אתכם כל ימי חיי! יהיו דברי אלה לזכרכם ולחייכם, שנקטפו בטרם-עת, זר פרחים על קברותיכם!

ארורים יהיו המרצחים הנאצים ששפכו את דמכם ואת דמם של כל היהודים, שמתו על קידוש השם! ארורים יהיו הרוצחים, שהחריבו את בתי אבותינו היקרים והכחידו את עיירתנו האהובה — גורזד.

ראַשעל אושר

# גאָרזדער קולטור אַנשטאַלטן

אונדזער פאָלקס־שולע איז געווען דער איינציקער בילדונגס־אַנ־שטאַלט אין גאָרזד, אָבער קיין פיל וויסן האָט אונדז די שולע ניט געגעבן. כ׳דערמאָן זיך, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווען מיר די געווע־זענע תלמידים פון דער שולע פלעגן זיך צונויפטרעפן אויף אַ חברישן שמועס, פלעגן מיר זיך גוט אָנלאַכן דערמאָנענדיק זיך, אַז נאָך פיל יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג פלעגט מען אונדז לערנען אויף דעם שיעור געאָגראַפיע וועגן דער „פאַראייניקטער עסטרייך־אונגאַרן״ און פאַרשי־דענע אַנדערע קוריאָזן. אָבער דאָך האָט די שולע און דער עיקר מיטן קומען פון דער לערערין חנה גרינבערג, געלייגט דעם יסוד פאַר אונדזער אַנטוויקלונג.



ועד הספריה העברית

מימין לשמאל: בנציון דוקס, מלכה ארנשטיין, יצחק גוטמן, שושנה אושר, אסתר פורת

אונדזער לערערין חנה גרינבערג, איז געווען אַ טאַלענטירטע פּעדאַ־גאָגין. זי פלעגט פּאַרוואַנדלען יעדן שיעור אין אַן אינהאַלטסרייכן גע־שפּרעך. עברית האָבן מיר געלערנט ניט נאָר אין ביכער, נאָר אויך דורך פאַרשידענע שפּילן, געזאַנג און פאַרשטעלונגען.

נאָכן פאַרענדיקן די שולע, האָבן מיר פריי גערעדט עברית. פיל צייט איז געווידמעט געוואָרן דעם לימוד פון דער יידישער געשיכטע, העב־רעאישער ליטעראַטור, יידישע יום־טובים און יידישע טראַדיציע. צו יעדן יום־טוב און וויכטיקע דאַטע אין דער געשיכטע איז צוגעגרייט געוואָרן אַ פּאַסיקע פאַרשטעלונג. די לערערין חנה גרינבערג האָט איינגעפלאַנצט אין אונדז די ליבע צו ציון. זי איז געווען די גרינדערין פון „השומר הצעיר" אין גאָרזד. דאָס האָט דערמעגלעכט פיל יוגנטלעכע אַרויסגיין אויף הכשרה און שפּעטער עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

חנה גרינבערג איז אויך געווען איינע פון די אומשולדיקע קרבנות צווישן די גאָרזדער יידן. איר ליכטיקער אָנדענק לעבט אין זיכרון פון פיל יוגנטלעכע פון אונדזער שטעטל.

## אונדזער ביבליאָטעק

אונדזער ביבליאָטעק וועלכע איז באַשטאַנען פון יידישע און העב־רעאישע ביכער איז געגרינדעט און געשטיצט געוואָרן פון אונדזער לאַנדסמאַן שמואל זאַקס, וועלכער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע און פון דאָרט פלעגט ער שיקן ביכער ווי אויך מאַטעריעלע הילף פאַר דער ביבליאָטעק.

אין ביבליאָטעק איז געווען 2 אָפּטיילונגען: ביכער פאַר דערוואַק־סענע און ביכער פאַר קינדער. צום 10־יאָריקן יובילי פון דער ביבליאָטעק האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן אָוונט. צום קאָמיטעט וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער ביבליאָטעק האָבן געהערט: יצחק גוטמאַן אסתר פורת, מלכה אַרנשטיין, בן־ציון דוקס און איך.

דער קאָמיטעט פון דער ביבליאָטעק האָט זיך פאַרנומען ניט נאָר מיטן ביכער־פאָנד און אַרויסגעבן ביכער פאַר לייענער, נאָר די ביב־ליאָטעק איז געווען אַ קולטור־אַנשטאַלט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַ קולטור־טעטיקייט. מיר פלעגן אָרגאַניזירן טעאַטער־פאַרשטעלונגען

און די הכנסות פון זיי פלעגן זיין געווידמעט לטובת דער ביבליאָטעק, כדי צו דערגענצן דעם ביכער־פאָנד.

צו דער קולטור־טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק האָט אויך געהערט צו אָרגאַניזירן פאַרשידענע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען, ווי ליטעראַרישע משפטים, ליטעראַרישע אָוונטן, רעפעראַטן, קעסטל־אָוונטן און אַנדערע.

מיט דער הילף פון לייבל שויס איז ביי דער ביבליאָטעק אָרגאַניזירט געוואָרן אַן עספעראַנטאָ־קורס. פיל יוגנטלעכע האָבן זיך אויסגעלערנט עספּאַראַנטאָ און שפּעטער געפירט אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ מיט יוגנט־לעכע פון פאַרשידענע לענדער. דאָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו באַ־רייכערן און אויסברייטערן אונדזער געדאַנקען־גאַנג, מיר האָבן אַ דאַנק דעם געלערנט וועגן פאַרשידענע לענדער און פעלקער און זיך באַקאַנט מיט זייער קולטור.

## גאָרזדער ליבהאָבער־טעאַטער

קיין סטאַבילער טעאַטער איז אין גאָרזד ניט געווען, נאָר דראַמאַטישע קרייזן פון ליבהאָבער פון דער סצענע האָבן עקזיסטירט פיל יאָרן אין שטעטל. די דראַמאַטישע קרייזן האָבן כמעט סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירט פאָרשטעלונגען. די הכנסות פלעגן גיין פאַר פאַרשיידענע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס, ווי „ביקור־חולים", „לינת־הצדק", פאַר דער פרייוויליקער פייערלעשער־קאָמאַנדע און אויך פאַר דער ביבליאָטעק.

די פאָרשטעלונגען פלעגן געשטעלט ווערן אין יידיש און עברית. אויף וויפל איך געדענק איז דער אַקטיווער אָרגאַניזאַטאָר פון אַזעלכע פאָרשטעלונגען, ווי אויך דער רעזשיסער געווען זלמן־לייב רובינשטיין, און נאָך זיין עמיגרירן קיין אַמעריקע, האָט זיין אָרט פאַרנומען זיוויק (זיין נאָמען געדענק איך ניט). דער שטענדיקער גרימירער איז געווען יוסף בלער.

די פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען אין דעם אַזוי גערופענעם „פאָלקס־הויז". דאָס איז געווען אַ גאַנץ פרימיטיווע הילצערנע געביידע, וועלכע מ׳פלעגט דינגען פאַר אַ פאָרשטעלונג ביי דער ליטווישער גע־מיינדע. כדי צו פאַרגרעסערן די הכנסות, פלעגט מען אָרגאַניזירן אַ צונויפגעטראָגענעם געשפּענדעטן בופעט. אַפילו וועגן די פאָרשטע־לונגען וואָס פלעגן פאָרקומען אין גאָרזד פלעגט מען אויך אויסהענגען

אין מעמל און גאַנץ אָפט פלעגן קומען פון דאָרט פולע אויטאָבוסן מיט געסט פון מעמל און דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ באַלעבונג אין שטעטל און אַ גרויסן אינטערעס צו די פאָרשטעלונגען.

די ערשטע פאָרשטעלונג, וועלכע מיר איז געלונגען נאָך צו זען אין דער גענעראַלער רעפעטיציע איז געווען „מירה׳לע אפרת״ און דאָס האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז איך האָב אַליין אָנגעהויבן צו טרוימען צו ווערן אַ שוישפּילערין, אַן אַקטריסע. אָבער דאָס איז פאַרשטייט זיך געבליבן נאָר אַ חלום, אָבער בלי ספק האָט דאָס מיך באַווירקט שפּעטער זיך אַקטיוו באַטייליקן אין די פאָרשטעלונגען.

דער רעפּערטואַר פון די פאָרשטעלונגען איז אָפט באַשטאַנען פון בילדער פון יידישן גלות־לעבן און פון דעם עמיגראַנטן־לעבן אין אַמעריקע, פון זייערע „אַמעריקאַנער גליקן״ און צרות.

אַ וויכטיקן אָרט אין אָפּקלייב פון דעם רעפּערטואַר האָבן פאַרנומען ערנסטע פאָרשטעלונגען פון יידישע און העברעאישע דראַמאַטורגן, ווי אויך בילדער פון דער יידישער געשיכטע — אין תנ״ך, ווי צום ביישפּיל:



הצגת תיאטרון פורים — ראשית שנות השלושים

„מכירת יוסף", „עקידת יצחק", „החשמונאים", „מגילת אסתר", „אַ דין־תורה מיטן ווינט", „שולמית" און אַנדערע.

דעם עלטערן דור פון די ליבהאָבער־אַרטיסטן געדענק איך ניט. אַלס אַקטיווע אָנטיילנעמער וויל איך דערמאָנען: זיוויק; מענדל און זיין שוועסטער טויבע מאַן, אברהם אָרנשטיין, רחל לאַם, מלכה אָרנשטיין, לייבל שויס, יצחק גויטמאַן אסתר פורת און אַ סך אַנדערע.

איך אַליין, האָב זיך אויך באַטייליקט אין פיל פאָרשטעלונגען, געשפילט פאַרשידענע ראָלן, אין זיכרון איז געבליבן די זייער געלונגענע פאָרשטעלונג, „בת יפתח", אויפגעפירט דורך אונדזער שולע, אונטער דער רעזשי פון חנה גרינבערג. איך האָב געשפילט די ראָל פון „יפתח הגלעדי". אין די הויפּט־ראָלן האָבן זיך באַטייליקט: רחל פריידהיים — בת יפתח; יפתח׳ס 5 שטיף־ברידער האָבן געשפּילט; רחל ערמאַן־פיורסקי; עטל־פיג באַראַנאָוו; עטעל־בינע פראַק; שיינדעלע יאַסעלעוויטש־אָרנשטיין און דינה טרויב.

די גוט צוגעגרייטע דעקאָראַציעס, קליידער, לידער און טענץ, האָבן צוזאַמען געשאַפן אַן איינדרוקספולן בילד פון יפתח׳ס טראַגעדיע.

חוץ די פאָרשטעלונגען וואָס מיר פלעגן אויספירן, איז אויך געווען איינגעשלאָסן אין דער פיעסע אַ ברייטע פראָגראַם פון ספּאָרט, טענץ, כאָר און דעקלאַמאַציעס. די פאָרשטעלונג איז הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן פון דער יידישער און ווי אויך פון דער ליטווישער באַפעלקערונג.

בלי ספק האָט אונדזער ליבהאָבער־טעאַטער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג, וואָס האָט געהאַט אַ גוט־אַנטוויקלטע יוגנט וועלכע האָט געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר קונסט. אונדזערע פאָרשטעלונגען האָבן אַריינגעבראַכט פיל לעבעדיקייט צווישן די יידן אין גאַרזד און אויך פאַרשאַפט זיי פיל פאַרגעניגן.

## אונדזער טיי־קעמערל

אַזוי פלעגן מיר רופן דעם קעלער פון דער בעקעריי פון יוסף שלומוביץ. גאַנץ מעגלעך, אַז ניט פיל אין גאַרזד האָבן אַפילו געוווּסט, אַז אין אָט דעם קעלער ווערט געפירט אַן אַקטיווע און ביז גאָר אינטערעסאַנטע קולטור־אַרבעט.

צוזאַמען מיט די 3 שוועסטער שרה, יאַכל און רייזל שלומוביץ, פלעגן זיך דאָרט צונויפטרעפן כמעט יעדן אָוונט, לייבל שויס, יצחק גוטמאַן, אסתר פורת, מלכה אָרנשטיין, מרדכי־לייב אָרנשטיין, שייקעלע גאָרן און אויך איך. מיר פלעגן געמיינזאַם לייענען פאַרשידענע ווערק פון שרייבער, באַהאַנדלט און דיסקוטירט פאַרשידענע ליטעראַטור־ווערק, אָר־גאַניזירט קאָלעקטיווע שפּאַצירן, מיר פלעגן געמיינזאַם אַרויספאָרן קיין מעמל און דאָרט באַזוכן קינאָ און טעאַטער־פאַרשטעלונגען, און אויס־אַרבעטן פּלענער ווי אַזוי אויסצוברייטערן אונדזער טעטיקייט צווישן דער גאָרזד׳ער יוגנט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָפט שוין נאָכן פאַרלעשן פון דער עלעקטרישער ליכט, פלעגן מיר פאָרן פייער פון דעם הייצנדיקן אויוון אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט זיצן פאַרטיפט אין לייענען און אין לעב־האַפטע דיסקוסיעס.

דאָס טיי־קעמערל איז געווען פאַר אונדז אַ גוטע שולע פאַר גייס־טיקער אַנטוויקלונג.

## אָרגאַניזאַציעס און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין גאָרזד

אין גאָרזד האָבן געפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט פאַרשידענע ציו־ניסטישע אָרגאַניזאַציעס ווי, „השומר הצעיר״, צ.ס. „צעירי ציון״, „מזרחי״. וווילטעטיקע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס ווי „ביקור־חולים״, „מעות חיטין״, „לינת הצדק״ און ספּאָרטאָרגאַניזאַציעס „מכבי״ און „הפועל״.

איך האָב שוין אין די שול־יאָרן געהערט צו „השומר־הצעיר״ און זיין טעטיקייט וויל איך ווידמען מיינע זכרונות.

„השומר הצעיר״ האָט איינגעפלאַנצט אין אונדז אַ ליבע און טיפע בענקשאַפט צו ציון, און אונדזער ווונטש און אידעאַל איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דעם אויפבוי פון לאַנד, פון אַ יידישער מדינה.

צום „השומר הצעיר״ האָבן מייסטנס געהערט קינדער און יוגנטלעכע פון אַרבעטער־שיכט. אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען פלעגן מיר דיסקוטירן פאַרשידענע פּראָבלעמען פון ציוניזם, וועגן וועג וועלכן דער „השומר הצעיר״ פירט צום ציל. אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגן מיר אויך לייענען



**קבוצת צופים עבריים**

פאַרשידענע אַרטיקלען וועגן דער אַרבעט וואָס ווערט געפירט אין פּאַלעס־טינע און קאַמף פאַר שאַפן אַ יידישע מדינה.

„השומר הצעיר" האָט אין אונדז, קינדער, פאַרמירט פאַרשידענע מאָראַלישע אייגנשאַפטן: זיין ערלעך און באַשיידן; העלפן חברים און שוואַכערע; אָפּוואַרפן אַלע קליינבירגערלעכע טראַדיציעס; ליבן די נאַטור און זיך צוגרייטן צו אַקטיווער פיזישער אַרבעט.

יעדע פאַרזאַמלונג פלעגט זיך אָנהייבן מיט זינגען העברעאישע לידער און זיך ענדיקן מיט אַ פייערדיקער „הורה". מיט שטאָלץ פלעגן מיר טראָגן אונדזער אוניפאָרם און מיט אומגעדולד פלעגן מיר וואַרטן אויף דער זומער־מושבה, ווען מיר פלעגן פאַרלאָזן אויף עטלעכע טעג אונדזער היים און זיך געפינען אויפן שויס פון דער נאַטור, לעבן אין געצעלטן צוזאַמען מיט דער גרויסער מחנה שומרים וואָס פלעגן זיך צונויפקומען פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון ליטע.

אַרום גאָרזד אין זייער אַ שיינער לאַנדשאַפט, אין דערפער און לאַנדווירטשאַפטלעכע ווירטשאַפטן, האָבן זיך געפונען פאַרשידענע הכשרה־פונקטן. דאָרט זיינען געווען קבוצות פון חלוצים וועלכע זיינען דאָרט דורכגעגאַנגען זייער הכשרה איידער זייער עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

מיר פלעגן זיין אָפטע געסט ביי זיי. זיך צוגעקוקט מיט אינטערעס צו זייער אַרט לעבן, און ס'פלעגן זיך אַנטוויקלען לעבהאַפטע שמועסן מיט די חלוצים. זיי פלעגן אונדז פיל דערציילן וועגן ארץ־ישראל און וועגן לעבן און אויפבוי פון לאַנד. אונדזער קן פלעגן אויך באַזוכן חברים פון דער הנהגה הראשית פון „השומר הצעיר" און שליחים פון ארץ־ישראל.

אונדזער קן האָט עקזיסטירט אָפיציעל, לעגאַל און מיר האָבן ניט געהאַט קיין שוועריקייטן און שטערונגען מצד דער אָרטיקער מאַכט. אָבער דאָך אין יאָר 1934 זיינען מיר געווען געצווונגען אַריבערצוגיין צו אומלעגאַלער אַרבעט און דאָס האָט פּאַסירט אַזוי:

אין דעם יאָר האָבן מיר געביטן אונדזער לאָקאַל (מעון) ניט ווייט פון דער גאָרזדער פּאָליציי. דעם 3־טן מאַי איז אונדזער פאַרזאַמלונג געווען געווידמעט דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום־טוב, דעם 1־טן מאַי.

ווען מיר זיינען געזעסן פאַרטיפט אין הערן דעם פאַרטראַג פון יצחק גוטמאַן, האָט זיך פּלוצלינג געעפנט די טיר און מיט שרעק האָבן מיר דערזען דעם שעף פון דער פּאָליציי אין דער באַגלייטונג פון צוויי פּאָליציסטן און ציווילע עדות. ווער עס האָט זיך שנעל אָריענטירט האָט באַוויזן צו אַנטלויפן דורך די אָפענע פענצטער, אָבער באַלד איז ביי די טירן און פענצטער אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג, וועלכע האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מיר האָבן זיך צונויפגערעדט צווישן זיך אין עברית אַז מיר זאָלן דערקלערן דער פּאָליציי, אַז די פאַרזאַמלונג איז געווידמעט דער הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל. נאָך דער אויספאָרשונג האָט מען אונדז פריי געלאָזן.

אין יענער צייט בין איך געווען דער ראש הקן. אין דעם ועד האָבן געהערט אַחוץ מיר בן־ציון דוקס און אברהם יאָסעלעוויטש. אַ וואָך שפּעטער נאָך דער אויבנדערמאָנטער פאַרזאַמלונג זיינען מיר אַלע דריי

איינגעלאַדן געוואָרן צום פּאָליציי־שעף און ער האָט אונדז אָפּיציעל געמעלדעט, אַז פאַרן אָרגאַניזירן אַ פאַרזאַמלונג אָן אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט זיינען מיר באַשטראָפט מיט אַ וואָך זיצן אין תפיסה און אונדזער ווייטערדיקע טעטיקייט קען געפירט ווערן בלויז אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. דאָס הייסט אַז מיר דאַרפן מעלדן וועגן יעדער פאַרזאַמלונג וואָס דאַרף פאָרקומען מיט 3 טעג פריער, און די פּאָליציי וועט שיקן איר פאַרשטייער אויף דער פאַרזאַמלונג.

מיר דריי, זיינען די שטראָף אָפּגעקומען אין גאָרודער תפיסה: די ערשטע צייט פלעגן מיר אויספירן די פאָרשריפטן פון דער פּאָליציי, אָבער שפּעטער איז אונדז מיאוס געוואָרן דער אומגעוווּנטשענער גאַסט און זיך אָנגעהויבן טרעפן אין געהיים אין פאַרשידענע ערטער און אויס־געמיטן דעם אויפזיכט פון דער פּאָליציי.

אַ צווייטן מאָל זיינען מיר איינגעלאַדן געוואָרן אין דער פּאָליציי און מ׳האָט אונדז דאָרט געמאָלדן, אַז די פּאָליציי ווייסט אַז מיר אָרגאַניזירן געהיימע פאַרזאַמלונגען און מ׳האָט אונדז געוואָרנט, אַז אויב מיר וועלן ווייטער פאָרזעצן אונדזער אַרבעט אומלעגאַל, וועט אונדזער אָרגאַני־זאַציע געשלאָסן ווערן און די אָנפירער וועלן שטרענג באַשטראָפט ווערן. אָבער ניט קוקנדיק אויף די דאָזיקע דראונגען האָבן מיר דאָך פאָרגעזעצט אונדזער אַרבעט, ביז עס האָט זיך געביטן דער פּאָליציי־שעף. דאָן האָבן מיר ווידער באַנייט אונדזער טעטיקייט פריי, אָן דער שטערונג און אויפ־זיכט פון דער פּאָליציי און פיל יוגנטלעכע האָבן פאַרפילט אונדזער לאָקאַל, און מיר האָבן פאָרגעזעצט אונדזער קולטור־דערציערישע אַרבעט. פיל יוגנטלעכע פון אונדזער קן זיינען אַרויסגעפאָרן אין די הכשרה־פונקטן. אָבער ניט אַלעמען איז דערמעגלעכט געוואָרן עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

## אַנדערע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס

אַ וויכטיקן אָרט אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן אין גאָרוד האָט פאַרנומען דער „ביקור־חולים״. ווי אין יעדער שטעטל, זיינען אויך אין גאָרוד געווען עלטערע און עלנטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. די דאָזיקע עלנטע מענטשן האָבן ניט געהאַט קיין פריינט, קיין

משפחה און ווען זיי זיינען קראַנק געוואָרן איז ניט געווען ווער ס׳זאָל זיי דערטראָגן הילף.

דער „ביקור־חולים״ האָט געזאָרגט אַז די דאָזיקע עלנטע און קראַנקע מענטשן זאָלן ניט בלייבן אָן אַן אויפזיכט און געזאָרגט פאַר זייער מעדי־צינישער הילף און מאַטעריעלער אונטערשטיצונג. צו דעם צוועק האָט



מכבי, גורזד

דער „ביקור חולים״ געזאָרגט, אַז יעדע פאַמיליע זאָל יעדן מאָנאַט צאָלן אַ געוויסן אָפּצאָל פאַרן „ביקור חולים״, לויט די מעגלעכקייטן פאַרשטייט זיך פון יעדער משפּחה.

עס פלעגן אויך אָרגאַניזירט ווערן בלימל־טעג און פאַרשטעלונגען און די הכנסות פלעגן גיין לטובת דעם פאָנד. די נויטיקע פלעגן קריגן מעדיצינישע הילף, — אומזיסטע תרופות און בעסערע שפּייז. פּרייווי־ליקע פלעגן אויך גיין נעכטיקן צו די קראַנקע און באַדינען זיי.

„מעות חיטין״ איז געווען אַ געשאַפּענער פאָנד מיט דער הילף פון וועלכן מען פלעגט העלפן אָרעמע מענטשן מיט שפּייז און דער עיקר מצות אויף פּסח.

זייער פּאָפּולער אין גאָרזד איז געווען די פרייוויליקע פייערלעשער קאָמאַנדע בראש פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען דער אומדערמידלעכער אָנפירער שעפסל בליס. גאָרזד וועלכע איז געווען געבויט פון הילצערנע הייזער, האָט גאַנץ אָפט געליטן פון שריפות און די פייערלעשער האָט ניט געפעלט קיין אַרבעט.

די „מכבי״־פוטבאָל־מאַנשאַפט און שפּעטער אויך „הפועל״ איז גוט באַקאַנט אַלע אונדזערע גאָרזדער. נאָך ביז היינט צוטאָג קלינגט אין די אויערן דאָס ליד מיט וועלכן די פוטבאָל־שפּילער פלעגן מאַרשירן אין די גאַסן צום פוטבאָל־פאַרמעסט:

„מיר זיינען די פוטבאָל־קאָמאַנדע,
צום מאַטש זיינען מיר שטענדיק גרייט
מיר טראָגן די פאָן פון „מכבי״
מיר טראָגן איר מיט שטאָלץ און מיט פרייד״.

„מכבי״ און „הפועל״ האָבן געהאַט פאַרשידענע סעקציעס פאַר גימנאַסטיק.

אַזוי האָט געלעבט אונדזער שטעטל ביז צום גרויסן אומגליק, ווען דאָס יידישע גאָרזד איז חרוב געוואָרן אין דער צייט פון שואה.

יודיקאַ

# ווי קען איך פאַרגעסן

ווי קען איך פאַרגעסן אייך, גרינע, נעכטיקע טעג —
וואָס ליגן ווי גאָלדענע זאַנגען פון שטורעם צעשטערט,
דער טייערער נאָמען, וואָס האָט זיך גערופן — די היים,
מיט הייליקע טרוימען, וואָס רוען אין גריבער פון ערד.

נאָר די האָפענונג שוועבט, אונדזער גאָלדענע פּאַווע —
מיט צעריסענע פעדערס.
זי שוועבט איבער גריבער, פאַרשניטענע דורות,
זי שוועבט צו די אייביקע ליכט פון די הימלען —
און וועקט די נשמות, וואָס דאַרפן נאָך קומען.

גאָלדענע פּאַווע פון מיינע חלומות,
נעם מיט מיין בענקשאַפט צו מיין שטעטעלע קליינעם.
דו וועסט עס דערקענען דורך בלומיקע פעלדער,
דורך וועלדער געדיכטע, דורך נידעריקע הייזלעך.

ביי יעדן הייזל אַ קליינינקער גאָרטן,
מטי אָפענע בריקלעך און גלעזערנע גאַניקס —
מיט אָפענע בריקלעך און גלעזערנע גאַניקעס —
בייטאָג ליגט די זון דאָרט, ביינאַכט — די לבנה.

אַ טייכל, וואָס לויפט זיך, אַ זילבערנער גאַרטל —
דאָרט קומען אָפּט ווייבער די גרעט אויסצוקלאַפּן.
זיי קלאַפּן די גרעט און דערציילן זיך סודות
פון טראָגן און האָבן, און האָדעווען קינדער,
פון זאָרג פאַר חיונה, פון האָפן און גלויבן.

דו וועסט דאָרט געפינען אַ הויז ביי דער גרענעץ,
בוימער און בלומען אַרום ביי די פענצטער,
אַ שטעגעלע פירט צו דעם גלעזערנעם גאַניק,
דאָרט ווו מיר זיינען געווען נאָך צוזאַמען.

אַ וועלטל פאַר זיך אין איר אייביקן וואַנדל,
אַזוי ווי אַ טייך ווערט ניט שטראָמענדיק מיד;
אַ נעסט פון אַזוי פיל צעפלויגענע פויגלען —
אַ, שטעטעלע מיין, ביסט מיין אייביקע ליד.

אריה פראַק

# יידיש־געזעלשאַפטלעך און רעליגיעזער לעבן אין גאָרזד

אין גאָרזד ווי אין אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך צווישןביידע מלחמות האָט פולסירט אַ דינאַמיש יידיש לעבן. דאָס יידישע לעבן האָט זיך באַזונדערס אָפגעשפיגלט אין דער אַרבעט אין די ראַמען פון אינסטיטוציעס, פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און אַ ריי פילאַנטראָפּישע חברות וואָס האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ מין זעלבסטהילף. דער סאַמע בולטער כוח אין שטעטל וואָס איז געווען דער צענטער פון קולטורעלן אויסלעבן זיך אין שטעטל, זיינען אָבער בלי־ספק געווען די ציוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע ריכטונגען.

## ציוניסטישע פּאַרטייען

זייער טעטיקייט הויבט זיך אָן אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן ביז צום פאַרכאַפּן פון היטלער־דייטשלאַנד דעם מעמעל־געביט דעם 22־טן מערץ 1939.

די ערשטע פּאַרטיי וואָס האָט זיך געגרינדעט אין גאָרזד איז געווען די צ.ס. פּאַרטיי (ציוניסטיש־סאָציליסטישע), וועלכע איז געווען די אַממערסט אַקטיווסטע און השפעהדיקע אין גאָרזד. שפּעטער איז פאַרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך פאַרנאַנדערגעטיילט אויף צ. ס. וועלט־פאַרבאַנד (וועלכע האָט זיך גערופן די „לינקע") און התאחדות־צ.ס. — (די „רויטע").

די פירער פון צ.ס.־וועלט־פאַרבאַנד זיינען געווען:

יושב־ראש: דער העברעאישער לערער דוד קוטלובסקי.

ועד מיטגלידער: אייזיק פרידהיים, דער ווילנער שניידער (זישע דעם שניידערס איידעם), מרדכי לייבאָוויטש, שמעיה איליטאָוויץ און שלמה פראַק.

צו די אָנפירער פון התאחדות צ.ס. האָבן געהערט:

מיכל מלמד, שיינבערג, זיין שוואָגער אייזיק וואָלפאָוויטש, אלתר אָרנשטיין, די גוטמאַנס מיכל א. א. בדרך כלל האָבן די ביידע אָפּשפּאַל־



„צעירי ציון"

טונגען געלעבט צווישן זיך בשלום און האָבן אָנגעפירט צוזאַמען די גרויסע יידישע ביבליאָטעק.

אין דער צייט פון די דראַמאַטישע זאָרגלאָזע יאָרן, האָבן פיל גאָרזדער עמיגרירט אין פאַרשיידענע לענדער ווי אַמעריקע, דרום־אַפריקע און בעיקר אין ארץ־ישראל. אין רעזולטאַט פון דעם עמיגראַציע שטראָם, איז באַדייטנס אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער מענטשן־פּאָטענציאַל פון די פּאַרטייען, אָבער אָנהויבנדיק פון 1928 מערקט זיך אַ געוויסע אויפלעבונג פון דער פּאַרטייאישער אַרבעט מיטן צופלוס פון יונגע כוחות. באַזונדערס האָט אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטע אַרבעט די רעליגיעזע פּאַרטיי „מזרחי".

חלוצים פון „מזרחי", „אגודת ישראל" און אַנדערע האָבן געאַרבעט ביי לאַנדווירטשאַפט און אַנדערע אַרבעטן. זיי זיינען דורכגעגאַנגען די הכשרה און זיך צוגעגרייט פאַר אַ פּראָדוקטיוון לעבן אין ארץ־ישראל.

די „מזרחי" האָט אָרגאַניזירט אַן „עונג שבת", „מנין שבת", „קבלת שבת", מ'האָט געזונגען רעליגיעזע און פּאָפּולערע ארץ־ישראל לידער, לידער אויף תנ"ך־מאָטיוון און אויך פאַרבראַכט די פרייע צייט אין קאָלעקטיווע טענץ. אָבער דאָס אַלץ איז איבערגעריסן מיטן פאַרכאַפּן דעם מעמל־געביט דורך די נאַציס. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער פּחד פון די גאָרזדער יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען ביי דעם דייטשן גרענעץ.

קומענדיק צוריק פון מעמעל קיין גאָרזד, האָבן די יידן פאַרלוירן זייערע מקורות פון קיום און די יוגנט האָט זיך געפּרוּווט איינאָרדענען אין די גרעסטע שטעט אין ליטע: קאָוונע, שאַוול און אַנדערע. איך פּערזענלער האָב ניט געזען קיין צוועק צו פאַרבלייבן אין ליטע און געזוכט אַ וועג ווי אַזוי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. ווי באַוווּסט זיינען די טויערן פון ארץ־ישראל געווען פאַרמאַכט און איך האָב דעם וועג קיין ארץ־ישראל אַדורכגעמאַכט מיט דער אומלעגאַלער עליה, אַ דאַנק דער מיט־הילף פון מיין גוטן חבר אין מעמעל שלמה זילבערשטיין און זיינע ברידער משה און יוסף. נאָך אַ 3½ חדשימדיקער אויסמאַטערנדיקער רייזע דורך פאַרשידענע לענדער בין איך אָנגעקומען צו די ברעגן פון לאַנד, אָבער בין אינטערנירט געוואָרן דורך די ענגלענדער במשך פון אַ חודש אין אַ לאַגער.

## ספּאָרט־פאַראיינען

אין דעם אויבנדערמאָנטן פעריאָד האָבן געפירט זייער טעטיקייט די ספּאָרט־פאַראיינען: „מכבי", „גיגאַנט" און „צעירי התחיה".

„מכבי" האָט געהאַט אַ גרויסן לאָקאַל ביים ספּאָרט־פּלאַץ אין גאָרטן וואָס האָט אין מלחמה־יאָרן 1914—1918 געהערט צום גראַף ווּלמער. אין דעם דאָזיקן לאָקאַל האָט די „מכבי" איינגעאָרדנט טאַנץ־אָוונטן, ליטעראַרישע אָוונטן, פאַרלעזונגען, דיסקוסיע־אָוונטן א. אַ. וו.

עס פלעגן פאָרקומען ספּאָרט־פאַרמעסטונגען מיטן מעמלער ספּאָרט־פאַראיין „בר־כוכבא", מיטן דייטשן ספּאָרט־פאַראיין, מיט ניישטאָטער „מכבי", „שקוד" און אַנדערע שטעטלעך.

די אָנפירער פון „מכבי" זיינען געווען:

זיסל מאַרקאָוויטש, דער יונגערער ברודער, יודקע אָרנשטיין, אבא זוסמאַנאָוויטש.



כדורגל — עם „מכבי״ שקוד

שפּילער : לייבע לוריע, ראובן־לייזער ביינינגזאָן, פּייוול זוסמאַנאָוויטש, הענאַך באַן, נפתלי פּראַק, וואָס איז געווען אַ פלינקער שפּילער און אויך אַ גוטער ספּאָרטלער אויף פאַרשידענע ספּאָרט־מכשירים, אברהם גלוין, יוסף אַשעראָוויטש, העשעל אַרנשטיין און אַנדערע.

אין ספּאָרט־פאַראיין „גיגאַנט״ נאָך אַ קליינער שפּאַלטונג פון „מכבי״ איז געווען דער אָנפירער, שעפּסל בליס, זיין ברודער יעקב, יוסף בערע־לאָוויטש און אַנדערע.

אויסער דעם האָבן געגרינדעט די אויפגעקלערטע לערנ־דע יוגנט, אַ קליינעם ספּאָרט־פאַראיין וועלכן מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן „צעירי התחיה״. די אָנפירער פון „צעירי התחיה״ זיינען געווען :

זיסל שויס (דער זון פון יאַנקל שויס), יצחק גוטמאַן, אברהם אַרנ־שטיין, מאַקס וואָלפאָוויטש און אשר הערץ.

## ביבליאָטעק

די אָרגאַניזירטע יוגנט האָט אויך געשטעלט פאָרשטעלונגען און די הכנסות פון זיי פלעגן גיין לטובת דער העברעאישער ביבליאָטעק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין גאָרוד. סעם זאַקס האָט זייער אונטערשטיצט די ביבליאָטעק, אַ דאַנק די גרעסערע סומעס געלט וואָס ער האָט געשיקט פון אַמעריקע האָט מען פאַרגרעסערט דעם ביכער־פאָנד.

די ביבליאָטעקאַרינס זיינען געווען: מלכהלע אָרנשטיין, רחל זוסמאַ־נאָוויטש, אסתר פורת, אסתר דאַנישעווסקי און אידה ערמאַן. די ביב־ליאָטעק האָט געוואַנדערט פון איין צימער אין אַנדערן. צוערשט איז זי געווען אין דער פאָלקס־שולע, שפּעטער ביי חאַצע יאַווישיץ. אויפן צווייטן שטאָק, דעם דריטן פּלאַץ ביי מענדל לוריע לעבן דער תלמוד־תורה און צום סוף ביי דער אלמנה הענע, אַנטקעגן אליהו אשר. (נאָך מיין פאַרלאָזן גאָרוד ווייס איך ניט ווו די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען).

## פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס

די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס „לינת הצדק״, „ביקור חולים״, „סעד לעניים״, האָבן געהאַט איין צוועק: העלפן נויטבאַדערפטיקע און קראַנקע מענטשן און זיי האָבן געטראָגן אַ זעלבסטהילף כאַראַקטער.

ווי נאָר מ׳האָט זיך דערוווּסט וועגן אַ קראַנקן ביי אַ משפחה, האָט מען גלייך געשיקט 2 מענטשן אויף אַ משמרת לילה, כדי צו באַפרייען די משפחה־מיטגלידער פון ניט שלאָפן נעכט, און כדי צו באַדינען דעם קראַנקן. צו אָרעמע, נויטבאַדערפטיקע משפחות האָט מען אַריינגעבראַכט אין שטוב שפייז, אומזיסטע תרופות, און אומזיסטע מעדיצינישע באַ־האַנדלונג.

מיט „ביקור־חולים״ — וואָס איז געווען אַן אָפּצווייג פון „לינת הצדק״ און „מעות חיטין״ האָט פאַקטיש אָנגעפירט דער ועד הקהילה, גבאים און דער רב פון בית המדרש. ס׳איז שוין געווען אַ מנהג פון קדמונים, אַז צו די אָרעמע פאַמיליעס האָט מען אַריינגעשיקט מצות אויף פסח און אַלעם נויטיקן. דאָס געלט האָט מען גענוצט פאַר דעם צוועק פון פאַרשידענע תרומות און מתן בסתר. אויך די הכנסות פון די טעאַ־טער־פאָרשטעלונגען זיינען געגאַנגען לטובת דעם צוועק.

## דראַמאַטישע סעקציע

די גרינדער פון דער דראַמאַטישער סעקציע זיינען געוועזן זלמן־לייב רובינשטיין און יוסף בלער. ביידע זייער פעיקע טאַלאַנטן צו שפּילן אויף דער סצענע. אייניקע מאָל פלעגן קומען קיין גאָרזד אויך אַרטיסטן פון קאָוונע וועלכע האָבן געשפּילט אינטערעסאַנטע פּיעסן.

די שפּילער פון דער דראַמאַטישער סעקציע זיינען געווען:

שמעיה איליטאָוויטש, רבקה מאַן, יוסף אַשעראָוויטש, שמואל אָרנ־שטיין און אַנדערע. ווען זלמן לייב רובינשטיין האָט עמיגרירט קיין אַמע־ריקע, האָט אים פאַרטראָטן אַלס רעזשיסער יוסף בלער. שרה פראַק האָט זייער שיין געשפּילט פאַרשידענע ראָלן. אויך יהודית לשם האָט זיך אויס־געצייכנט אין שפּילן פאַרשידענע ראָלן און באַזונדערס אין דער אָפּערעטע „שולמית" האָט זי געשפּילט מיט גרויס טאַלאַנט אביגיל. שולמית — האָט געשפּילט האַנצע גליק, אבישלום — האָט געשפּילט כעמעס און דער כישופמאַכער — האָט געשפּילט אייזיק אוריאַס. וואָס האָט זייער שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. נאָך באַגאַבטע אַרטיסטישע קרעפטן זיינען געווען: אלתר אָרנשטיין, האַנצע אַקערמאַן.

די הכנסות פון די פאָרשטעלונגען פלעגן גיין צו שטיצן נויטבאַדערפ־טיקע אָרעמע מענטשן, יורדים וועלכע פלעגן אונטערגעשטיצט ווערן פון „מתן בסתר".

## פייערלעשער קאָמאַנדע

היות ווי גאָרזד איז געווען געבויט ס'רוב פון הילצערנע הייזער, פלעגן אָפט אויסברעכן שריפות אין שטעטל און די פייערלעשער האָבן געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט. דער בראַנדמייסטער איז געווען קלמן זילבערג, דער צווייטער שעפטל בליס און אויך די זוסמאַנאָוויטשעס. די פייערלעשער קאָמאַנדע איז באַשטאַנען פון פרייוויליקע יונגע געזונטע מענער, יידן און ליטווינער. די רעפּעטיציעס פון די „פּאָזשאַרניקעס", האָבן אַריינגעבראַכט אַ לעבעדיקייט אין שטעטל, ווען זיי פלעגן אַרויס־פאָרן מיט בלישטשענדיקע מעשענע קאַסקעס מיט זייער אוניפאָרם אויף אַלטע אין יענער צייט מאַשינעס, מיט פולע פעסער וואַסער און דער עולם האָט מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעקוקט ווו די פלינקע פּאָזשאַר־

ניקעס קריכן אויף די לייטערס און לעשן אָביעקטן, עלעהיי מען לעשט „אַן אמתע שריפה".

## חיי דת

גאָרזד איז געווען אַ פרומע שטעטל. דער הייליקסטער אָרט פון די גאָרזדער יידן איז געווען דער בית־המדרש מיט אַ גרויסע שטיבל פול מיט ארונות ספרים, ש"ס, חומשים איינגעבונדן אין פּאַרמעט, ספרי תהילים, משניות און אַנדערע ספרי קודש. ס'איז אויך געווען אַ גרויסע שול, אַ תלמוד־תורה און קלויז. (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די שול און תלמוד תורה צוריק אויפגעבויט געוואָרן מיט ציגל נאָך דער שריפה, אָבער דער פּלאַץ פון קלויז איז געבליבן ליידיק).

אין גאָרזד זיינען געווען ניט ווייניק תלמידי־חכמים דער ראש הישיבה איז געווען ר' יצחק קאצין, שפּעטער איז ער עולה געווען מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישראל. (אין לאַנד געפינט זיך זיין טאָכטער דאָרט). יונג און אַלט זיינען געגאַנגען מאָסנווייז דריי מאָל אַ טאָג דאַוונען אַ מנין בציבור. אין די שבתים און די ימים־נוראים און אַנדערע יום־טוב טעג זיינען די בתי תפילה געווען איבערפילט מיט מתפללים.

מיט גרויס דרך ארץ און יראת הכבוד האָט מען זיך באַצויגן צום רב הגאון ר' שבתאי שפּירא און ניט נאָר די יידן, אַפילו די ליטווינער האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס דרך ארץ און ווען זיי פלעגן אים באַגע־גענען שפּאַצירן אין גאָרטן פלעגן זיי אים מיט גרויס רעספּעקט אים באַגריסן. זיינע דרשות זיינען געווען זייער אינהאַלטסרייך, שאַרף און פול מיט טעם...

ביי אונדז אין גאָרזד זיינען געווען ניט ווייניק צדיקים ויראי שמים. ר' לייבע „דער ווייסער" (דער זיידע פון יהודית לשם), ר' לייבע „דער שוואַרצער" ר' אליהו דער שוחט; דער רבי ברענער (שפּעטער האָט ער געוווינט אין מעמעל) און פייוול ברענער זיין זון, וואָס איז געווען אַ גרויסער אַנגעשטעלטער אין מעמלער פאָלקס־באַנק; ר' בצלאל מיטן זון דער עילוי; ר' זבולון; ר' גרשון־פייווע פאַקטאָר; ר' בערע וועלווע מילנער און הרב ר' יעקב בורשטיין; ר' פּלאַטוס; ר' שמואל בן־ציון; ר' פייטע דער שמש פון בית המדרש און ר' יוסף־אליהו דער שמש מיט

זיין זון דער עילוי; ר׳ הירשע איצע שראַלאָוויטש; דער גרויסער תלמיד־חכם ר׳ העשל „דער שטיבל רבי" און פיל אַנדערע.

דאָס איז געווען דער אַלטער דור, וואָס האָט אין גאַנצן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די יידן פון שטעטל.

## בעלי תפילה

באַזונדערס פּאָפּולער זיינען געווען די בעלי־תפילה — די שליחי ציבור. זייער דאַווענען איז געווען פול מיט האַרץ און מיט געפיל. גענוג אויסצורעכענען אייניקע פון זיי ווי ר׳ יוסף פורת דער שוחט, ר׳ יצחק־לייב כץ, אַ גוטער בעל תפילה מיט אַ שיינער שטים (איצע לייבעלע האָט מען אים גערופן); ר׳ יהושע־יעקב לוריע (שיע יאַנקע לוריע); זלקינד מיט זיין פּרעכטיקער שטים; ר׳ משה אַשעראָוויטש — אַ גוטער בעל תפילה, בעל־קורא און שפּעטער אויך שוחט און ר׳ וועלוועלע שטאָך, וואָס פלעגט דאַווענען מיט געפיל און ביזן היינטיקן טאָג קען איך ניט פאַרגעסן זיין דאַווענען מוסף יום־כיפור. זיין פּיוט פון „עשרה הרוגי מלכות" פלעגן אַרויסרופן טרערן ביי די מתפללים. עס געדענקט זיך אויך דאָס דוכענען פון לערער דוד לאָם מיט זיין זון יאָשאַ. (ביי אונדז האָבן די כהנים געזונגען סאָלאָ און דער ציבור מתפללים האָט זיי נאָכגעזאָגט). יאָשאַ איז געווען צווישן די אויפגעקלערטע בחורים, שפּעטער האָט ער געלערנט אין דער ליטווישער גימנאַזיע אין קאָוונע און אין דעם טאָג פון דעם נאַציאָנאַלן ליטווישן יום־טוב 16.2 האָט ער געהאַלטן אַ פייערדיקע דרשה אין דער ליטווישער שפּראַך אַז אַפילו די ליטווינער האָבן אים באַוווּנדערט. ס׳איז ווערט צו דערמאָנען דעם חזן ר׳ יעקב בר־כהן וואָס האָט אויף זיין שטעמפּל זיך געחתמעט „אָבער־קאַנטאָר". ער איז טאַקע באמת געווען אַ גוטער חזן מיט אַ פּרעכטיקער שטים און אויף די ימים נוראים האָט ער צוגעגרייט אַ גוטן כאָר מיט פּרעכטיקע שטימען און צווישן זיי זיוויק — וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקע באַס־שטימע, שמואל אָרנשטיין, מענדל מאַן און אַנדערע.

בעת דער חזן האָט געדאַוונט מיט זיין כאָר האָט עפּעס אַ הייליקייט געהערשט אין בית המדרש און צוגעגעבן צו דער דאָזיקער הייליקער אַטמאָספער — האָבן די געוויינען און געבעטן פון עזרת נשים.

אין גאָרזד ווי אין אַנדערע שטעטלעך אין ליטע זיינען געווען פאַר־שידענע רעליגיעזע חברות „חברה גמרא״; „חברה משניות״; „חברה תהילים״; „חברה קדישא״. די יידן פון די דאָזיקע חברות האָבן געלערנט אין די בתי מדרשים און געלערנט מיט זיי האָבן בר סמכא ווי ר׳ גרשון פייווע, אייניקע מאָל אויך הרב ר׳ שבתאי, ר׳ יוסף פורת השוחט, דער ראש הישיבה ר׳ יצחק קאַצין און הרב ר׳ יעקב בורשטיין. יידן האָבן זיך געקוויקט פון זיינע שיעורים, ממש פערל האָבן זיך געשאָטן פון זיין מויל.

די שומעי השיעור זיינען געווען: ר׳ אליהו־משה וואָלוואָוויטש, אַ בכבודיקער בעל הבית און זיין זון אייזיק; ר׳ הירשע־איצע שראָלאָוויטש; ר׳ לייבע הירש — אַ בכבודיקער ייד; ר׳ מענדע־פאַלקעס פראַק, אַ ייד אַ חכם און אַ פיקח און אַ גוטער בעל־עצה; ר׳ זוסיע זוסמאַנאָוויטש — אַ בכבודיקער און זייער אַנגעזעענער בעל הבית. דוד דער אורמאַכער; ר׳ משה קורבמאַן לייזער איציקס, אַ ייד אַ ירא־שמים, זיין „שמע ישראל״ פלעגט ער אַרויסשרייען מיט אַ שטאַרקער שטים, אַז די ווענט האָבן זיך געטרייסלט. ער פלעגט געבן מתן בסתר יידן־געוועזענע בעלי־בתים און שפּעטער יורדים וואָס זיינען פאַראָרעמט געוואָרן. בלויז יחידי סגולה האָבן געוווּסט פון זיין שטיצע. אויך דאָ אין לאַנד איז ער געווען אַ קענ־טיקער ייד וואָס איז געווען מעורב אין די רעליגיעזע קרייזן פון שטאָט.

אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון דעם גרויסן בית המדרש האָט מען געקענט זען יידן וועלכע האָבן אויך ביחידות געלערנט אַ בלאַט גמרא און משניות. יעדער איינציקער אין זיין שטענדיקן ווינקל. יוסף הלל שולמאַן — אַ ייד אַן אייגנטימער פון אַ געשעפט פון בוי־מאַטעריאַלן; ווער האָט אין גאָרזד ניט געקענט אָט דעם גוטן יידן? יעקב גמזו — אַ ייד אַ חריף אין תלמוד און אַ משכיל; אליעזר שוסטער, אַ ייד אַ בעל־מלאכה, אָבער געווען בקי אין דער גמרא. איינמאָל בין איך אַריין צו אים אין שטוב, האָב איך אים געטראָפן זיצנדיק ביי דער אַרבעט און אויפן וואַרשטאַט איז געלעגן אַן אָפענע גמרא מסכתא „ברכות״, אַזוי האָט ער אַרבעטנדיק אויך געלערנט. אליהו אשר — אַ ייד אַ חכם און אַ יודע ספר און בעל עצות. ר׳ יצחק בר׳ וועלוועס, ר׳ בערע וועלוועס, דוד פיל, זאב שאַוול.

אליעזר אַקערמאַן — שכנא אַקערמאַנס זון — געווען אַ ייד אַ משכיל און געלייענט פיל ביכער וועלטלעכע. ער איז געווען דער הויפּט בוכ־האַלטער פון פאָלקס באַנק אין גאָרוד און אַ חבר פון ועד הקהילה, צוזאַמען מיטן פריערדיקן לערער דוד קוטלובסקי, יוסף פורת און דוקט מיר אויך אפרים מאַרקאָוויטש איז געווען אין ועד פון דער קהילה.

## חברה קדישא

דער גבאי איז געווען בערע וואָלפע און אויך אפרים מאַרקאָוויטש. ר׳ יוסף אַרנשטיין (דער פאָטער פון אברהם אַרנשטיין), הירשע אַרנשטיין, דער אַלטער דוד פּראַק מיט זיין ווייסער באָרד האָט געהאַט אַ פליכט צו ברענגען מיט זיין וואָגן די כלי־טהרה פון הקדש, ליב געהאַט צו טאָן מצוות, זיין גאַנצן לעבן האָט ער געהאַנדלט מיט סעדער זומער צייט, און ווינטער געהאַנדלט מיט פעל. ער איז געשטאָרבן אין אַ טיפן עלטער פון 90 יאָר.

די חברה קדישא האָט געהאַט אַ גרויסע אָנגעזעענקייט אין שטעטל. די יידן פון דער חברה קדישא האָבן געטאָן זייער אַרבעט מיט גרויס אַפּפערווויליקייט און איבערגעגעבנקייט, כדי צו ברענגען אַ יידן בכבוד צו קבורת ישראל.

## שמחות

יעדע 7 יאָר נאָכן סיום ש״ס האָבן יידן איינגעאָרדנט אַ גרויסע שמחה כיד המלך. כלי־זמרים האָבן אָן אויפהער געשפּילט. די טישן האָבן זיך געבראָכן מכל טוב פון געבראָטענע גענדז, פיש, הערינג חלות און עוגות און פרוכטן מכל המינים. יידן האָבן זיך משמח געווען און געהערט דרשות פון גבאים און פון הרב ר׳ שבתאי. אַ לאַנגע צייט האָט מע ניט געקענט פאַרגעסן אַ שמחה פון סיום הש״ס.

שמחת תורה איז גאַנץ גאָרוד געקומען אין די בתי מדרשים. יידן האָבן געזונגען און די גאָרוד׳ער הקפות האָבן געהאַט אַ שם. די גאָרוד׳ער יידן האָבן מאַסנווייז זיך געלאָזט מיטרייסן פון דער פריילעכער אַטמאָס־פער אין שטעטל, מ׳האָט זיך דערלויבט טרינקען וויין און בראָנפן ביז צו שיכרות. מ׳האָט געגעסן און געטרונקען וויפל דאָס האַרץ האָט גע־

גלוסט. די תפילות און געזאַנגען האָבן זיך געהערט ווייט אויף די גאַסן און געסלעך פון שטעטל ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז פול מיט שמחת תורה״...

## „תפארת בחורים״

אין גאָרזד איז אויך געווען אַ „תפארת בחורים״ וואָס איז באַשטאַנען פון יונגע בעלי בתים. זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערן מנין און געלערנט בצוותא אַ בלאַט גמרא און געטאָן אַ באַשיידענע אַרבעט אויפן רעלי־גיעזן געזעלשאַפטלעכן געביט.

**איטה ארמן (קמיל)**

# זכרונות מעיירתי גורזד

חלמתי חלום: עומדת אני בשדה־שלף רחב־ידים, אחרי קציר. השמש לוהטת ומרחוק הולכות וקרבות אלי שלוש דמויות וקוראות לעברי: חכי לנו! אל תתרחקי! מי יודע אם עוד נפגש!.. התעוררתי. ראיתי לפני את עיירת מולדתי, את השדות הירוקים מסביב, את הדמויות.

בעיני רוחי אני רואה את עיירת מולדתי גורזד, בה עברו עלי ימי ילדותי ונעורי. אני רואה את הרחוב הראשי המתמשך מככר השוק ועד לתחנת הרכבת הקטנה בלויגאַלן. כאן נמתח הגבול בין ליטא וגרמניה עד אחרי מלחמת העולם הראשונה. מכאן השתרע עולם אחר: בתים לבנים, מטופחים עם גגות רעפים אדומים, כבישים נקיים המובילים עד העיר ממל.

באשמורת הבוקר אחרי תפילת שחרית היו עגלוני גורזד מעמיסים על עגלותיהם ירקות, פירות ובשר, ומובילים סחורתם למכירה בעיר הגדולה. עם ערב היו חוזרים בעגלות עמוסות מטוב העיר לפי הזמנת חנוונים בעיירה: חבית דגים מלוחים ושקי קמח לאחד, או גלילים עבים של אריג לחנות המנופקטורה של טובה־ליבע.

הדואר מעבר־לים היה מגיע לבית הדואר בלויגאַלן, ובשבילנו, הילדות היה זה כיום חג ללכת לשאול על דואר — הליכה של כמה ק״מ. בצדי הכביש התמשכו תעלות ובתוך שלוליות מי הגשם שעמדו בהן — צמחו פרחי „זכריני״ סגולים עם לב צהוב. אהבנו את הפרחים, ותלשנו אותם גושים־גושים כדי להציבם בצלחת מים ובמרכזה אבן, ונהנים לראות את הפרחים „קמים״ ונצבים כבצמיחתם. מעבר לתעלה פרחו עצי הלילך של חודש מאי בצבעי סגול ולבן ומלאו את האויר בניחוח נפלא.

מן הכפר לויגאַלן יצאה הרכבת הקטנה לעיר ממל, אט אט היתה זוחלת, מעטים היו נוסעיה, בעלי היכולת. „עמך״ היו מצטרפים לעגלונים להסעה חינם... זוכרת אני שבקרבת הרכבת היתה משוטטת גרמניה גרומה, גבוהת קומה ותסרוקתה הבלונדית היתה אסופה ומוגבהת לפי האופנה הישנה.




ילדי ביה"ס העממי בהצגת „בת יפתח"

אמרו עליה שהיא קצת „מסובבת", קראו לה פרו הולה. שמה שימש כשם גנאי במריבות בין ילדות.

המרחק בין לויגאַלן לממל היה 17 ק"מ. כשהגענו לעיר דרך ‚שער האבן' — עמודי ביטון בשני צידי הכביש, נכנסנו לעולם סואן, עולם חדש לנו. עיר נמל על שפת הים הבלטי, משם היו מייבאים דגים טריים ומלוחים ממינים שונים ליהודי עיירות הסביבה לגוון את תפריטם.

לקראת החגים היינו מקבלים מהורינו בגדים חדשים יפים שנקנו בחנויות המפוארות שהיו בבעלות יהודי אשכנז, מושרשים מדורי דורות. לימים התיישבו בממל יהודים מערי הסביבה וצעירים וצעירות נהרו אליה למצוא בה תעסוקה.

ברחוב צדדי ברובע היהודי שכן בית החלוץ, מרכז החלוצים מ„ההכשרה" אשר הכשירו עצמם באחוזות הגרמניות המרובות במחוז

לקראת העליה לארץ. בית החלוץ המה בני נוער ציוני לבושים בגדים מרופטים וחצי רעבים אך שמחים.

במעלה הרחוב הראשי הארוך, מצד ימין עמד בית ספרנו בתוך גן עצי פרי, בנין עץ לבן ונקי עם חלונות ארוכים. את שנת הלימודים הראשונה אנו התחלנו בבית ספר גרמני — בית ספר חובה. זוכרת אני את ספר הלימוד הראשון ובו תמונות צבעוניות מאגדות גרים: — המכשפה עם הנזל וגרייטל וכו׳. הספר הזה קסם לנו מאוד ונחרת בזכרוננו עם יתר הזכרונות הנעימים ולא נעימים...

בשנת 1920 נסוגו הגרמנים והעיר ממל והמחוז שנקרא אוסטפרויסן בחלקו עבר לשליטת הליטאים, אז נוסד בית ספר עברי עממי עם מורה כעין גננת בכיתה הראשונה. שלושה מורים היו לנו, הקשיש ביניהם היה המורה לם שבא מהחוץ; גבוה וחסון בעל קרחת מבהיקה הפיל את חתיתו עלינו, בשעת השיעור שרר שקט מוחלט בחדר, על כל רחש, ניע וניד היה מעניש ואוי למי שהתקשה בלימודים, עיקר הענישה היתה עמידה בפינה ע״י התנור הלבן, עונש שהיה עלבון צורב... הוא גם גידף קילל ברוסית ופולנית, והיה מכביד את עולו עלינו. כשראיתיו ברחוב מרחוק קרב ובא, עברתי למדרכה השניה, גם מבתו רחל׳קה לא מנע גידו־פים: קרא לה, ,קאַרובה׳ (פרה), היא היתה יפה ותמירה, עינים חומות גדו־לות. הוא רדה בנו בעיקר כשהיינו קטנים. ברבות הימים משהתבגרנו, השתפרו יחסינו אתו, התרועעתי עם רחל׳קה ואף ביקרתי בביתה. המורה לם היה מתמתיקאי טוב, גם גיאוגרפיה והיסטוריה כללית לימד אותנו; בימי חייו האחרונים קנה את עולמו. סיפרו עליו שהיה בין קומץ הגברים אשר קמו נגד הפולשים הגרמנים, בשבוע האחרון של חודש יוני 1941, יום חורבן קהילת גורזד.

המורה לעברית ותנ״ך היה הורביץ, שחרחר, צנום, קטן וקפיצי, מאחורי גבו קראנו לו „התרנגולון התורכי״. פעמיים בשבוע למדנו את השפה הליטאית מפי האיש, שהיה גבוה וצנום וקצת כפוף, פבלובסקי, סיפרו עליו שהוא חולה ריאות. אל השפה הליטאית לא התייחסנו ברצינות.

בימי חורף קשים כאשר רוחות קרות ופתיתי שלג היו מצליפים בפנים ומקשים על הנשימה, הייתי הולכת ומטה ראשי הצידה עד הגיעי לבית הספר. משסיימנו את בית הספר העממי, המשכנו ללמוד אצל מורים

פרטיים בעיקר את השפה הגרמנית. סמוך לביתנו עמד ביתה של חיה הינדה׳ס — אישה קטנת קומה, לראשה מטפחת ראש לבנה, שקטה וצנועה ולה בת יחידה הינדה שקראו לה הינדה חיה׳ס. בעלה שהה רוב השנים בדרום אפריקה, ולפתע היה מופיע, שוהה זמן מה בבית וחוזר כלעומת שבא. הינדה המורה היתה גבוהה מאמה, בלונדית וחיוורת פנים;



אידה ארמן, חסיה פלאטוס, אסתר פורת, מלכה ארנשטין, חיה פורת עם אריה גוטמן

כשחברתי מלכה ואני באנו לשיעור, היתה אמה חיה מגישה לה „גוגל־מוגל" בכוס חלב; הרי זה מאמץ לתת שיעור לשתי בנות...

מלכה חברתי הטובה, היתה בת יחידה ולה שלושה אחים, הוריה היו בעלי חנות מכולת גדולה בחזית ומאחוריה שכנה דירת המגורים, מדרגות עץ הובילו מהמטבח לקומה השניה — לשני חדרי השינה. שם בילינו לעתים קרובות בתקופת בגרותנו בקריאה, בשיחות והסתודדויות אינטימיות.

עשירה מדי היתה כדי לעזוב את משפחתה; אביה דאג לעתידה. כבר מובטחה לה נדוניה מכובדת, אלא שהחתן אחר לבוא; כי הרי צריך היה להיות דגול מרבבה... חיים נעימים ונוחים העניקו לה הוריה האוהבים, ומכונת-היריה של הרוצחים קיפחה אותם אחרי עינויי רעב ומצוקה. — מלכה הבלונדית הזוהרת, השובבה, חסרת הדאגות.

באביב, כשהשלגים הפשירו, היה הנחל ליד ביתנו ובית משפחת מן עולה על גדותיו והרחבה לפני הבתים שמפלסה היה נמוך מהכביש הוצפה מים ודמתה נהר רחב ידים, חלונות ביתה של חיה הינדס היו בגובה של מטר מהארץ והמים חדרו לתוך הדירה, נוכח מראה זה היינו חולצות הנעלים וגרבים והצצנו מבעד לחלון לחזות במראה המיוחד של השרפרפים הצפים באמצע החדר.

בית הספר שכן ברחוב „טמוז׳נה״, שמשמעה ברוסית גבול, לידו ניצב צריפון צבוע בפסים אדום ולבן ושחור, בו היו בודקים את השבים ממֶמל כדי לגבות מכס. איך התמזג שם רוסי ושומר גרמני בצריף המכס לא אבין. — סבתי פרידה שקראו לה פרידה ראובנ׳ס על שם אביה, סיפרה שבימי מלחמת העולם הראשונה השתכנו חיילים רוסים בחדר המגורים המרווח שלה, היא עשתה עימם עיסקי חילופין בלחם ווודקה וכוהל. אחר כך פלשו חיילים גרמנים וגרשו את הרוסים... כך התחלפו הצבאות מדי פעם.

*

בקטע העליון של הרחוב גרו שתי דודותי — שתי אחיות שנישאו לשני אחים ממשפחת אַקרמן. הדודה חנה-רוכה והדוד מוטי, הדודה איטה-חיה והדוד ברה גרו בשני בתי עץ נמוכים וסמוכים זה לזה. לדודה איטה-חיה היתה הכניסה דרך פרוזדור ארוך ואפל שהוביל לחצר אחורית אך הפרוזדור היה מחולק ככניסה לשתי משפחות — משפחת אחיו של ברה, ברוך ואשתו שרה-גיטה. כל דירה היתה בת חדר מגורים וחדר שינה בה גידלו משפחות מרובות ילדים. חייבת אני לציין את מטבחה הקטן של שרה-גיטה כשני מ״מ אשר הבריק בנקיונו. בפרוזדור ע״י המטבחים עמדו חביות עץ גדולות מלאות מים אשר איצה שואב המים בעיירה היה מספק לתושבים.

בחדר השינה ניצבו שתי מיטות מסודרות עם כרים וכסתות לגובה. ארבע בנות היו לה ושלושה בנים. שני בנים והבת הגדולה היגרו לאמריקה,

ברוך נפטר בגיל צעיר והמשפחה התקיימה מתמיכה מאמריקה. בפרוזדור ניצב סולם שהוביל לעליית־הגג ולשם עלו התרנגולות, שהסתובבו כל היום בחצר להטיל את ביציהן, אחת הבנות בילקה ליצנית היתה, מצאה שהתרנגולות היו קוראות בשם הדודות, כשהן מטילות את ביציהן. פעם קראו קוה־קה־קה־קה דודה־רוכה, ופעם קראו קוה־קה־קה־קה דודה חיה. כך ידעו הדודות של מי הביצים...

אחת הבנות של משפחת אקרמן היתה חברתי מלכה. היו לה עינים כחולות, גדולות ותמימות וכולה עדינה ושברירית, נישאה בגיל צעיר מאד לבן שכן מבוגר ממנה אחרי חיזור של שבע שנים, והשתקעה בעיירה בבית ממול, עד שבאו הרוצחים הגרמנים והוציאוה משם עם ילדיה הרכים. — גם את דודתי איטה־חיה הגבוהה והצנומה אשר ידעה עמל וייגע וגידלה בת תמירה ויפה, יהודית ושלושה בנים שחרחרים עם פנים עגולים ועינים מחייכות, שובבים ומאושרים, כולם הוצאו למוות ביום קיץ נאה. אף אחד לא שב. הבת העדינה איטה בעלת העינים הכחולות הגדולות עם מבטה התוהה, בת חנה־רוכה ויתר שלושת הילדים, בת הזקונים ברכ׳לה בעלת עיני־איילה גדולות וחומות, הדודה החולנית החלשה אשר בעלה מוטה היה תמיד מאוהב בה, ככה סתם... גם אם לא היתה עוד מסוגלת לצפות הליכות ביתה כהלכה... איך קיבלו את גזר הדין הנורא? מה היה בלבבם כשגורשו מקינם החם לשדות, ליערות, לביצות, לרעב, לחולי, ליגון? מי מסוגל לכתוב על זה?...

הדוד ברה הגברתן, החייכן, השמח בחלקו, אשר עם בוקר היה יוצא עם עגלתו לעיר להביא פרנסה לבני ביתו, איך נעקרו מהחיים הוא ושלושת בניו הקטנים ורצחום כבר ביום הראשון, שם על הגבעה ע״י עצי הלילך סמוך לכביש הראשי המוביל לממל, הדרך בה עבר שנים רבות עם עגלתו.

הבית שלנו עמד במורד הרחוב. מצד אחד זרם נחל צר ומימיו זכים וקרקעיתו חול צהוב. לפני הפסח שטפנו בו את כלי החג וכן לאחריו כדי לאחסן אותם לשנה הבאה. חבית העץ הגדולה מלאה מים עמדה בסוכה בכניסה למטבח, היה ממלאה שואב המים איצה. הוא היה גוץ לבוש תמיד מעיל חום בהיר וחבל קשור במותניו, דמותו אף פעם לא השתנתה... כשהיינו ילדים התגרינו בו בפזמונים שחיברנו עליו, ובהיותנו ילדים כינינו אותו בשם גנאי „איצ׳ה דער בול״ (איצ׳ה הפר).

לכל הבנים קרא בשם: „פייפקה" ולבנות: „ציפקה", זה היה איש מגוחך, למטבח של ביתנו היה מביא שק מלא לחם עבש לקלות אותו בתנור הגדול. סבתי היתה מגישה לו צלחת מרק. אך איפה הוא לן? קרוב לוודאי בעליית הגג של הרפת שלנו ובחורף בבית הכנסת. האם התרחץ אי פעם? אולי לפסח, או לראש־השנה בבית המרחץ הציבורי. מעולם הוא לא חלה, אבל גבנון היה לו מהאסל לדליי המים שנשא על גבו, כנראה שהיה יליד העיירה איזה יתום עלוב, בן יחיד...

מול הבית שלנו ניצב הצריף של מכבי־האש ובו מכונת כיבוי שריפות, בשעת שריפה התנדבו צעירים לכיבוייה. זוכרת אני שריפה שפרצה בליל קיץ אחד באחוזת הכומר בככר השוק ע"י הכנסיה. מיד צרר אבא את כלי המיטה בצרורות והניחם באמצע חדר המגורים וכל שאר החפצים נארזו להצילם במקרה התפשטות האש. אותי הדליקה לא הבהילה, היה בו מעין כישוף: בליל קיץ לשונות אש עולים השמימה וכל אנשי העיירה זקן וטף, התקבצו כולם עומדים וצופים, היה זה חזיון בלתי שיגרתי אפילו מרתק... באותו הצריף של מכבי־אש הציגו לראשונה את הראי־נוע עם סרטי צ'רלי צ'פלין.

אני רואה בעיני רוחי את סבתי פרידה חוזרת מביקור אצל בנותיה, פוסעת במורד רחוב ה„טמוז'נה", אט־אט הולכת ומתקרבת, עיניה משוטטות סביבה, בעת הליכתה פה ושם, עוברת ליד בתי אחיותיה, גיסותיה, ואני צופה בה מרחוק. היא גידלה אותנו באהבה ומסירות אין קץ. בלילות חורף חיממה לנו את הכסת ע"י התנור ולבנה חמה הניחה במיטה לחמם רגלים קרות, ובימי שישי השכימה לקום להקדים לאפות את הלחמניות כדי לצייד אותנו בהם בלכתנו לבית הספר כשהן טריות וחמות, מרוחות בחמאה שנמסה. היא סרגה לנו גרביים כשגבה נשען לתנור החם בלילות חורף ומנמנמת תוך כדי סריגה וראשה נרכן על חזה מרוב עייפות. איני זוכרת כי קיבלה או התלוננה על חייה הקשים, בהיותה אלמנה, לא התמרמרה על גורלה על כי נאלצה לגדל שתי משפחות — אותנו יתומים מאם — אותי ואת ינקל'ה שנתיתם בהיותו בן שלושה חדשים, היא החזיקה אותו במיטתה לחממו ולגדלו. היא העניקה לנו בית חם, הסבתא, ואהבה את החיים, עולם יפה, עולם מלא אור — היתה אומרת תמיד — אך אין מנוס, הבור האפל מצפה לנו. בשבתות ישבה על־יד החלון, בידה „הצאינה וראינה" בשפה היידיש וקראה בו משלים ואגדות על מלכים

ונסיכות, גם אני אהבתי לקרוא בהם בילדותי. בימים הנוראים — ראש השנה ויום כיפור התגאתה בי מאד, כי קראתי לפניה בבית הכנסת, בעזרת הנשים, את התפילות בלשון הקודש. ואנו הילדים קראנו לה ביום כיפור מבית הכנסת הביתה לתת לנו ארוחה והתפלאתי על כוח רצונה לא לטעום מאומה ולצום עד צאת היום הקדוש.

מול ביתנו, מעבר לכביש, השתרע אגם מים עמוקים, ה„פרוד" ומעברו השני עמד אהרון הירשה הנפח, גבוה וחסון, שרווליו מקופלים, ועובד בנפחיה. ניצוצי אש היו ניתזים כשנגה בפטישו בברזל המלוהט. איכרי הסביבה היו מביאים אליו בעיקר ביום השוק — עגלות לתקון, הסוסים לפרזל את רגליהם ולתקן מגלשות בחורף. בחורף מי ה„פרוד" קפאו ואז היינו מחליקים על הקרח, הלחיים צורבות מקור והשמחה רבה.

אני וחברתי מלכה נהגנו בילדותנו, אחרי הפשרת השלגים לצאת לשדות מאחורי הנפחיה לאסוף ברגים, מסמרים, שברי חרסינה צבעוניות ומביאות הביתה ואני החבאתי זאת תחת המיטה, לאחר שמיינו את המסמרים והברגים הבאנו אותם למכירה לשני הנפחים, ובכסף שקיבלנו קנינו ממתקים — והדבר היה סוד כמוס, לו הדבר היה נודע למשפחות היינו ודאי נענשות. היינו רגילות לשחק בחוץ, כי לא ידענו צעצועים מה הם. אמנם הדודה תפרה לי בובה, אבל הבובה היתה עשוייה מבד שחור והבהילה אותי.

האמינו בעין רעה — כשנולד תינוק, תלו מעל מיטת היולדת קמעות ופתקאות כתובות פסוקים מסתוריים, זו היתה מלאכתו של ה„מומחה" לעין הרע, לשושנה פורחת על העור ועוד מיני תחלואים, ובו האמינו יותר מאשר ברופא, ד"ר איגלשטיין היחיד והעניו אשר היה גם עוקר שיניים. כמזכרת ממנו נותרו לי בפה מקומות חלולים זכר לעקירת שתי שיניים טוחנות בעודי ילדה קטנה, אני התנגדתי לעקירת השיניים אבל הרופא פיתה אותי בתיתו לי מספר תותים גדולים ואז נעתרתי. בכל עיירות ליטא לא היה בנמצא רופא שיניים לכן במקום לרפא שיניים, הן נעקרו וילדים דמו לזקנים.

הסבתא נותנת לי מטפחת ושולחת אותי אל ר'גרשע פייבע „המומחה לתחלואים", הלוחם האמיץ נגד שדים ורוחות — הוא היה צריך לברך על המטפחת ולשים אותה על הילד החולה, כדי להסדיר „עין הרע" שגרמה לחום, פיהוק תמידי או לדלקת חיצונית. ר' גרשה פייבע היה

גבוה ורזה, לבוש קפוטה שחורה וכובע מצחיה שחור, וזקנו ארוך ואפור, עלינו במדרגות העץ לביתו ומשעמדנו בפתח ביתו אפף אותנו ריח־חנק של ספרים ישנים. הוא ישב רכון ועיין בספרי הקודש וכמעט שלא הרים את ראשו. שתי בנות מבוגרות היו לו שלעולם לא עזבו את סף ביתן, אחת פרועת שיער שנוצות היו מפוזרות בהן היתה מציצה דרך סדק בדלת חדר השינה — בעיירה קראו לה בשם גנאי: שיינה פורה (הפרועה).

ההכנות לקראת השבת החלו עוד מיום חמישי. תחילה לשו הבצק לחלות, הכינו גזר לצימס וכו׳. הילדים היו רחוצים לקראת השבת, הבית נקי וקיבלו את השבת. איך הספיקו האמהות לעשות את כל העבודה המרובה הזאת בתנאים ששררו אז, חידה היא. היהודי, אשר בעמל וביגע רדף אחר פרנסתו כל ימות השבוע — בשבתות וחגים זקף את קומתו, שכח את תלאותיו המרובים וחש עצמו כמלך בין בני ביתו המסובים לשולחן, בכסף לא היה משופע, אך אורח שיסעוד על שולחנו בשבתות ובחגים היה מביא איתו מבית הכנסת. פרנסת היהודים היתה מלווה בעלבונות מצד הגויים, בטילטולי דרך בעגלות בדרכים לא דרכים, בכל ימות השבוע, בלינה בכפרים, בלי מזון מבושל, כי הרי ארוחה מבושלת אצל הגויים לא יאכל יהודי. וכשבאה השבת, חש היהודי כמלך בין בני ביתו.

מים שאבו מחבית אשר עמדה בפרוזדור על־יד המטבח. בחדר אחד ישנו שמונה נפשות ועוד סבתא זקנה יושבת בפינה. היה זה חדר המגורים ששימש גם כחדר אורחים וכחדר אוכל ובלילה נהפך לחדר שינה, המטבח שימש גם לחדר עבודה למלאכה וחצי מטבח הבישול ואפיה, כך חיתה משפחת מן — שכנינו איצה־ינקה ורישה אשתו. הוא היה נמוך קומה עם זקן מחודד, עיניים נבונות, אדם המעורר רחשי כבוד כלפיו, חרף היותו פחח קרא עתון כל יום והתעניין בהוויית העולם. רישה היתה אשה גבוהת קומה עינים חומות יפות, פקחיות וכל דמותה הביעה אצילות. במטבח עמד תמיד ריח של בדיל בו השתמש לעבודתו. חלונות ביתם פנו לחצר שלנו ומעולם לא שמענו קולות מריבה חוץ מגערית האם בילדיה — בפינת העבודה שלו היה חלון ועוד חלון ממול יד הכיריים. פעם ראיתי את רישה מבשלת סבון כהה לצרכי ביתה — אשת חיל היתה. שתי הבנות הבוגרות רבקה וטובקה היו נבונות ואמיצות כאימן. כל אחד ואחת עזר



משפחת מענט

בכלכלת הבית: רבקה היתה תופרת, טובקה למדה את מלאכת הצילום, שני הבנים שהתבגרו עזרו לאביהם ובת הזקונים חנה׳לה היתה שמחת המשפחה.

מולנו ניצב בית משפחת מנט. בית עץ חדש. קראו להם, „הילדים״, לחנותם היתה שולחת אותי הסבתא לקנות פונט קמח או סוכר וכו׳ ואמרה „לכי תקני אצל „הילדים״. הסבתא סיפרה: הוריהם מתו בשבוע אחד מדלקת ריאות. אביהם היה סנדלר, ישבו בחדר אחד עם ארבע בנות ושני בנים ותאומים, כשמתו ההורים היו התאומים תינוקות, שתי הבנות הבכירות גידלו אותם, הסבתא היתה נזכרת שההורים חיו ביניהם בחיבה רבה עד שאפשר היה להגיד עליהם: „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו״. שני הבנים הגדולים פרנסו את המשפחה, וכשרווח להם הוסיפו חדר גדול בחזית, ובפינה על יד החלון התקינה הבת הבכורה איטה אצטבאות על הקיר והחלה למכור מכולת, לאחר שהתחתנה עסקה אחותה במימכר המכולת.

הבת השלישית היתה תופרת בעיר ממל. הבן הגדול יעקב היה בחור

גבוה, שחרחר ויפה, הגיע עם כמה חברים לארץ בימי חוסר עבודה ורעב ששררו אז, התאכזב מיד וחזר לעיירה השלווה והיפה עד שנבלע גם הוא בלוע החיה הנאצית. רק אח אחד מהתאומים, נחום מנט, חי למעלה מארבעים שנה בארץ, התנדב לבריגדה, חלה בריאות, והיה חולני כל ימיו, בכל זאת הקים משפחה — נולדו לו שני ילדים. נפטר לפני שנה.

איטקה גוטמן השישית במשפחה, היתה חברתי הטובה. בסיום בית הספר העממי, המשכנו יחד ללמוד היסטוריה — קורות עמנו, בעזרת אחיה יצחק אשר היה בעל מח חריף. לחנה הבת הבכורה ולאיטקה היו לחיים ורודות כשושנים ועור צח ועדין ועינים חומות משיות, הן היו יתומות מאב, רק אמא — ריבה, אישה שקטה, בר את גוף וחייכנית, תמיד עמדה במטבח ועשתה את מלאכתה, לא הרגישו בה לא שמעו את קולה ואת ילדיה היפים והמחוננים, העריצה ושירתה אותם באהבה ובמאור פנים. ילדיה כיבדוה והרבה לא דרשה לעצמה. ביתם הבהיק בנקיונו בהתחשב בתנאים של הימים ההם, דירה משלהם לא היתה להם, גרו בשכירות, פעם פה ופעם שם. שני הבנים הבכורים פרנסו את המש־פחה. לימים למדה הבת הבכורה, חנה, את מקצוע אחות בבית חולים בעיר ממל. מרים היתה פקידה בבנק. שלושת הבנות היגרו לאמריקה, רק איטקה עברה את השואה, אך משפחתה ניספתה ואחרי המלחמה היא הצטרפה לאחיותיה. בן הזקונים לייב׳קה היפהפה בעל העיניים החומות, הצוחקות ושיערו הבהיר ניספה בלטביה.

במורד הכביש, עמדו בתי איכרים עלובים ולמטה זרמו מימי נהר המיניה משם והלאה השתערו היערות והדרכים המשובשות שרק עגלות עם סוסים יכלו לעבור בהם. שם השתרע עולם אחר. מחד — כפרי האיכרים הליטאים ומאידך — הנוף הגרמני המסודר. הנוף הכפרי הליטאי על בתיו הקטנים העשויים חימר וקש קסם לנו — השדות הירוקים, היערות אשר יד אדם לא נטעה אותם, והמדרונות בהם טיילנו בשבתות. בדרך ליערות התמשכה תעלה בעומק של כארבעה או חמישה מטר ורק לוחות באורך של 6־7 מטרים איפשרו את המעבר מצדו האחד לשני. אנו הילדים ברטט שבלב עברנו את ה„גשר" וכשהגענו לעברו השני חשנו סיפוק רב. המבצע הזה היה אחת ההנאות של הטיול. בהפשרת השלגים הלכנו ליער לקטוף פרחים פעמוני השלג — פרחים לבנים כמו פעמונים קטנים וריח משכר היה להם. כשהאויר התחמם, הופיעו פרחי הסיגליות נותני ריח כמי

בושם. בחזרה הביתה עברנו את הגדר שעל נהר המיניה והכביש במעלה ההר. בכניסה לעיירה מצד שמאל עמדה ה„תיפלה״ — מילה משובשת בפי היהודים — זו הכנסיה הקתולית, בנין גבוה עם שני חלונות מאורכים. בחלון אחד ניצב פסלו הצבעוני של ישו ובשני דמותה של מריה עם התינוק. מאחורי הכנסיה במדרון בין סלעים ועשב גבוה היה חבוי מעיין שממימיו המפכים הזכים רחצנו ידים ושתינו בצמאון. המעיין הזה היה אחד מאתרי החמדה של נעורינו.

פרשה אחרת היתה לעבור לפני הכנסיה בשבתות. לרוב היתה ממחטה קשורה ליד מהעדר „עירוב שבת״ סביב העיירה, ואם נשמטה הממחטה ונפלה מהיד מול הכנסיה, אסור היה לנו להתכופף לפני האיקונין. כך הזהירה אותי הסבתא. הסתכלנו כדי להווכח אם אין גויים בסביבה, אז הסתובבנו אחורנית והרמנו את החפץ. ברוב המקרים עשינו את זה בכונה, כדי להתגרות בדת הזרה...

הדרך העולה מימין הנהר לעיירה הובילה לגן העיר. בכניסה הרחבה בגן — מגרש רחב ידיים ששימש למשחקי כדורגל לצעירי העיירה ובערבי ימי ראשון לרקודי עם לנוער הליטאי, „וקרלות״ קראו בשפה הליטאית. אנו הילדות והילדים לא החסרנו את הארועים האלו — הגן היה גדול ומוצל מעצים גבוהים. גדלו בו גם עצי שזיפים שמישהו חכר אותם ומכרם, אבל גדר לא היתה שם ואנו קטפנו מעצי הפרי. במדרונות הגן לנהר המניה גדלו תותי בר קטנים ומתוקים. בחודש מאי פרח הלילך, תלשנו ענפים מעצי הלילך בצבעי לבן סגול לקשט את ביתנו.

בימי הקיץ התענגנו להשתרע על הדשא הרענן, לקרוא ספר או להקשיב לציוץ הציפרים, להתחמם בשמש ולצפות בשמים הכחולים — ושקט ושלוה מסביב — כשהיינו ילדים השתתפנו בכל ארוע אפילו בחגים הקתוליים. כשהיה מגיע לעיירה הגמון, היינו מתאספים ליד הכנסיה וממתינים לטקס הוצאת „כלי הקודש״ שלהם: תמונות של הצלוב והבתולה הקדושה בשלל צבעים, דגלים, סרטים וקישוטים נוצצים ובשירה מונוטונית יוצאת התהלוכה ואנו הילדים מזדנבים אחר התהלוכה עד ה„קפס״ (בית הקברות הקתולי). מעניין שבית קברות זה לא עורר בנו מורא ופחד ולא היה בו הדכאון כבית הקברות היהודי.

מעטות היו הגינות לפני הבתים, אבל מאחוריהם השתרעו שדות והעיירה היתה עטופה בירק מצד הרחובות הצדדיים. מאחורי בית־המרחץ

וכמה בתי יהודים בסימטאות אחוריות, היה רחוב ה„פלקס״ (השלוליות) בניגוד לרחוב הראשי ורחוב השוק, שהיה מרוצף אבנים, נשארו הרחובות הצדדיים כמימי בריאת העולם. עם רדת הגשם התהוו שלוליות באדמה השחורה הדשנה, שם עמדו בקתות של איכרים ליטאיים — הגויים. מסביב לבתיהם עמדו גני פרי ופרחים שתולים. בימי שישי החלפנו אצל האיכרים חלה בפרחים, לרוב היו אלו פרחי ורגינות (דליות) בשלל צבעים. האיכרים לא היו נוהגים לאפות לחם מקמת לבן, ומי שהשיגה ידו, היה קונה בימי ראשון עוגות שמרים ממולאים בצימוקים במאפיות היהודיות.

בימי קיץ חמים כשהשלוליות התיבשו, היה רחוב ה„פלקס״ משמש לנו לקיצור הדרך, במקום דרך־המלך, פה היה האויר גם ספוג ריחות, גינות נוי, בחזרה בחרנו לנו את ריח ה„קפס״ שגם בו היו גינות וירק ושיחי יסמין ע״י הגדרות, משם עברנו את חצר בית הכנסת וטעמנו את הפטל שהתפתל על הגדר ע״י ביתו של השמש יוסי אליה, בקרבת בתי השימוש הציבוריים. מאחורי הנפחיה, השתרעו שדות רחוקים. המבוגרים סיפרו שפעם עבר שם הגבול הגרמני ויהודים הבריחו דרכו בלילות חשוכים סיגריות ומיני סחורות אחרות. היום השטח הוא ליטאי, וגם יהודים חכרו חלקי שדה וזרעו בהם מיני ירקות למכירה בעיר ממל.

בלילות ירח בקיץ, ישבנו על הספסל לפני ביתנו והקשבנו לקרקור הצפרדעים העולה מן האגם הפרוד ודמינו במחשבותינו שהעתיד מתחיל אחרי השדות והלאה — שם מתחיל העולם הגדול, צלילי פסנתר בקעו את דממת הערב. היו אלה צלילים שנישאו מבית פאלק, שהיה אחד הבתים היפים בעיירה, מוקף מרפסת לבנה סגורה וגינת נוי, שם, בפנים הבית ישבה הבת הבכורה שרה — נחה וניגנה על הפסנתר מנגינה נוגה אחת ויחידה... עמדנו על יד הגדר והקשבנו, לא נילאינו מלהקשיב למנגינה זו אשר נחרתה בזכרוני. סיפרו על שרה־נחה, כי שנים היא מחכה לבחיר ליבה אשר הבטיח לחזור מאמריקה ולשאתה לאישה... לימים הגיע גם פטיפון לעיירה. ראש משפחת מאירוביץ, שהיה נכה לעת זיקנה וישב בכסא גלגלים, קיבל מבנו מאמריקה במתנה פטיפון ותקליטים של פרקי חזנות באידיש מחזנים מפורסמים, המנגינות הללו מילאו לנו ערבי קיץ רבים בילדותנו וראשית נעורינו. למדנו אותן בעל־פה וזכרנו אותן שנים.

משפחת הרץ בעלי הנפחיה, היתה משפחה מרובת בנים גדולים.

בילדותם התיתמו מאימם והבנות המבוגרות גידלו את אחיהם הקטנים. בן בשם אשר, בחור עדין פנים וחייכן, השתלם בממל כטבנאי שיניים.

באחד מערבי הקיץ החמים, שמענו צעקות של אחיותיו המבוגרות, כי מצאו את אושר׳קה מת בעליית הגג של האורווה. הוא שתה רעל והוא בן שבע־עשרה. אני הייתי אז בת חמש־עשרה, ראיתי אותו כאילו ישן וחיוך נסוך על פניו. הסיבה האמיתית למעשהו לא נודעה לנו אף פעם, המאורה הזה נגע מאוד לליבנו, כי עד לפני זמן קצר השתתף איתנו בהצגת תיאטרון. הוא מאד הצטיין במשחקו, חיבבנו אותו מאוד. היה לו חיוך רך וכולו מאד מעודן. כשטיילנו בגן העיר השקפנו מרחוק על בית הקברות שם נטמן חברנו הצעיר — אשר, והתאבלנו עליו שנים.

*

במשך שנים חלמתי חלום אחד ויחיד:

חזרתי לגורזד ורוצה לבקר את בית דודותי ואת סבתי והרגשה מענגת ממלאת את ליבי: עוד מעט אראה את יקירי אשר אהבתי... עוד מעט אהיה במחיצתם, כל־כך הרבה זמן עבר! הנה אני עולה במעלה הרחוב; אני רואה את בתיהם — אני מתקרבת, אך החלום נתק — אכזבה ממלאת את ליבי, הרי אני בגורזד, מדוע לא יכולתי לראותם? התעוררתי והלב דואב מערגה... אכזבתי אותם... הייתי בגורזד ולא ראיתי את סבתי... אויה!

שבע בת מאיר אַרונוביץ

# צום אָנדענק פון גאָרזד

ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אונדזער שטעטל גאָרזד (אין ליטוויש גאַרזדאי), וועלכע האָט זיך אין יענער צייט געפונען האַרט ביים דייטשן גרענעץ געווען פאַררעכנט אַלס אַ שטעטל מיט אַ יידישער קולטור. חוץ די רעליגיעזע אַנשטאַלטן זיינען אויך געווען פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, קאָמיטעטן פאַר סאָציאַלער הילף, צוויי ביבליאָטעקן, אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט שטעלן פאָרשטעלונגען, אויסגעפירט פון ליבהאָבער און די הכנסה פון די דאָזיקע פאָרשטעלונגען פלעגן גיין לטובת פאַרשידענע סאָציאַלע, אָדער קולטור־רעלע צוועקן. עס פלעגן אויך פאָרקומען פאָרשטעלונגען פון שול־קינדער, איינגעאָרדנט אַ דאַנק דער איניציאַטיוו און אַקטיווער אָנפירונג פון די לערער.

גאָרזד איז פאַרבליבן אין אונדזער זכרון אַזאַ ווי זי איז געווען מיט אירע איינשטאָקיקע הילצערנע הייזער און זויבערע גאַסן און געסעלעך. עס געדענקט זיך די פרייטיק צונאַכטן אויף דער לאַנגער קלאָיפּעדער גאַס, ווו עס האָבן געלעבט די מערסטע צאָל יידן פון שטעטל. ווען מ׳פלעגט אַרויסגיין כאַפּן אַ שפּאַציר נאָכן עסן, האָבן דורך די פענצטער פון ביידע זייטן הייזער אַרויסגעשיינט די שבת־ליכט אין די בלאַנקע לייכטער אויף די ווייס־געדעקטע טישן.

זומער, שבת נאָכמיטאָג איז דער שפּאַצירגאַנג געווען אין שטעטלדיקן פּאַרק. אַהין פלעגן קומען גאַנצע משפחות און פאַרברענגען דאָרט ביזן אָוונט צווישן די שמעקנדיקע בוימער. אַ גאַנצע וואָך איז מען געווען פאַרנומען, אָבער שבת פלעגט מען זיך דאָ טרעפן. אין דער לופט האָט זיך געהערט די קלינגענדיקע קולות פון געלעכטער פון די שפּילנדיקע קינדער אויפן שויס פון דער נאַטור, וועלכע פלעגן זיך שפּילן צוזאַמען. יוגנטלעכע פלעגן אָפטמאָל דורכשפּאַצירנדיק דעם פּאַרק זיך אַראָפּלאָזן מיטן באַרג אַראָפּ צום טייך (די מיניע), וועלכע האָט געפלאָסן צווישן גרינע, רחבותדיקע זאַטע פעלדער פאַרביי גאַנץ גאָרזד.

*

יאָ, די מיניע פּליסט נאָך היינט ווי פריער אויפן זעלבן אָרט. אויך די קלאַיפּעדער גאַס עקזיסטירט נאָך, נאָר אַנשטאָט די פריערדיקע הילצערנע הייזער, שטייען היינט פון ביידע זייטן גאַס פּילשטאָקיקע מאָדערנע מויערן. דאָרטן לעבן צום גרעסטן טייל מענטשן, וואָס זיינען געקומען קיין גאָרזד פון ווייטע מקומות און האָבן וואַרשיינלעך בכלל ניט געוווּסט פון אַזאַ אָרט ווי גאָרזד.

ווען דעם אַז דאָ האָבן געלעבט יידן זאָגן עדות בלויז די מצבות אויף די מאַסן־קבֿרים: דער יידישער מענער־קבֿר וואָס געפינט זיך אין גאָרזד גופא און די צוויי מאַסן־קבֿרים פון די פרויען און קינדער, וועלכע געפינען זיך ניט ווייט פון גאָרזד אין אַנעלישקער דאָרף.

ווען דייטשלאַנד האָט אָנגעפאַנגען די מלחמה קעגן רוסלאַנד, האָב איך זיך דאַן געפונען מיט מיין שוועסטער אין קאָוונע. די דייטשע אַרמיי האָט זייער שנעל פאַרסירט פאַרויס און שוין אויפן צווייטן טאָג פאַרנומען קאָוונע. באַלד האָבן די דייטשן געמעלדעט דורכן ראַדיאָ, אַז די יידן איז פאַרבאָטן צו באַנוצן זיך מיט יעדן מין טראַנספּאָרט און פּאָסט־פאַרקער, דעריבער האָבן מיר גלייך פאַרלוירן יעדע פאַרבינדונג מיט גאָרזד.

די ליטווישע בלוטדורשטיקע מערדער האָבן גלייך אין די ערשטע וואָכן נאָכן פאַרנעמען קאָוונע דורך די דייטשן אַדורכגעפירט פּאָגראָמען אויף יידן. צעווילדעוועטע ליטווישע באַנדעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער געשלאָגן און גערויבט אַלץ וואָס ס'איז זיי געקומען אונטער דער האַנט. זיי האָבן געכאַפּט יידן אויף די גאַסן, אַוועקגעשלעפּט זיי אויף די פאָרטן (פעסטונגען) אַרום קאָוונע און דאָרט זיי אומגעבראַכט. ס'זיינען דאַן געווען זייער פיל קרבנות. ס'איז געווען ממש אַ פּחד אַרויס־צוגיין אין גאַס.

שפּעטער איז אַרויס אַ באַפעל, אַז יידן דאַרפן אָנטאָן געלע לאַטעס (אַ געלן מגן־דוד) און ס'איז זיי פאַרבאָטן צו גיין אויפן טראָטואַר, נאָר בלויז גיין אויפן מיטן וועג. שפּעטער איז אויך באַשטימט געוואָרן דער טערמין ווען די קאָוונער יידן דאַרפן פאַרלאָזן די שטאָט און זיך איבער־קלייבן אין דער פאָרשטאָט פון קאָוונע סלאָבאָדקע (ווויליאַמפּאָלע) אין אַ פאַרמאַכטן געטאָ.

אין יענער צייט האָבן זיך אין קאָוונע געפונען נאָך גאָרזדער מיט וועלכע מיר האָבן זיך געטראָפן.מיר האָבן זיך צונויפגערעדט אַז מיר זאָלן

געפינען אַ ליטווינער וואָס וועט מסכים זיין אַוועקצופאָרן קיין גאָרזד און זיך דערוויסן וועגן גורל פון אונדזערע משפחות. אַזוי איז געווען: מיר האָבן געשיקט קיין גאָרזד אַ ליטווינער פּאָר אַ גוטן אָפּצאָל און אין אייניקע טעג שפּעטער איז ער צוריקגעקומען און האָט געבראַכט אַ בריוו מיט טרויעריקע נייעס. דעם בריוו האָבן געשריבן אייניקע משפחות אויף איין שטיק פּאַפּיר. אַלע האָבן כמעט מיט די זעלבע ווערטער אונדז מיט־געטיילט, אַז די מענער האָט מען צוגענומען און די פרויען מיט די קינדער געפינען זיך אין אַ שייער אין דאָרף אַנעלישקי.

דאָס איז געווען אונדזער לעצטע פאַרבינדונג און דער לעצטער גרוס פון די גאָרזדער יידן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די מענער האָט מען אומגעבראַכט שוין אויפן דריטן טאָג פון דעם קריג און די פרויען און קינדער האָבן זיי געהאַלטן אין אַ שייער ביז סוף סעפּטעמבער 1941 או מען האָט זיי דאָן אומגעבראַכט.

מיר וועלן זיי קיין מאָל ניט פאַרגעסן. קיין מאָל וועלן מיר ניט מוחל זיין זייערע מערדער.

עלאַ זילבערג

## און איר פרעגט...

און איר פרעגט,
פאַרוואָס איך טרויער?
פאַרוואָס איך שרייב נאָר יאוש לידער!
אַז אין האַרצן,
כ׳טראָג דעם קבר,
פון מיליאָנען שוועסטער ברידער.

אַז אַפילו,
פון בית העולם,
ניט געבליבן איז אַ צייכן.
און די ערד
איז דאָרט פאַרטרונקען
פון קרבנות בלוטיק טייכן,

אַז מיין שטעטל,
דאָרט אין ליטע,
ווּ מיין וויגל איז געשטאַנען!
איז פאַרניכטעט
ביז צום וואָרצל,
פון די נאַצישע טיראַנען.

אַז איין איינציק
כ׳בין געבליבן,
פון זעקס שוועסטערן ווי די בלומען,
וועלכע זיינען,
מיט די קינדער,
און די מענער אומגעקומען.

ווען איך טראַכט,
פון דעם גרויסן חורבן.
ווערט דאָס בלוט אין מיר פאַרדאָרבן,
מיט די זעקס
מיליאָנען קדושים,
איז מיין פרייד אויך אָפּגעשטאָרבן.

**חיים מאַן (פלאָרידאַ)**

# גאָרזד מיין שטעטעלע

גאָרזד מיין שטעטעלע, די ליבע, די שיינע! ווער קען פאַרגעסן דיינע געסעלער, דיינע וועגן, -און די מענטשן פון מיין ליבער שיינער היים! די אחדות וואָס האָט געהערשט ביי יידן איבער אַלע פּאַרטייאישע ויכוחים. דער צענטער און טרעפונגספּלאַץ פון גאָרזדער יידן איז געוועזן דעלאָקאַל, דער בית מדרש, די שול. נאָכן דאַווענען פלעגט מען גיין לאַנגזאַם, רויִק, באַגלייטן איינער דעם אַנדערן אַ היים און אונטערוועגס אַרומריידן אַלע פּראָבלעמען פון שטעטל, פון דער מדינה און פון דער וועלט. די דיסקוסיעס פלעגן אַ מאָל אָננעמען הויכע טענער און פלעגן צוציען נאָך און נאָך אָנטיילנעמער און צוהערער. צייטונגען זיינען געווען אין גאָרזד אַ סך — און לייענער פון אַלע פּאַרטייען איז געווען גאָר אַ גרויסע צאָל, ווייל יעדער צייטונג האָט געהאַט עטלעכע שותפים. פריער פלעגט מען בייטן די צייטונגען און דערנאָך פלעגט מען אויסטוישן דעות. איך געדענק



בחתונה של רבקה מן — המשפחה

ניט קיין ראַדיאָ אין גאַרוז, אָבער גאָרזדער יידן האָבן געוווּסט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

אונדזערע טירן זיינען שטענדיק געווען אָפן פאַר אָרעם און רייך. שטענדיק מיט אַ גוטער האַרץ און ברייטער האַנט. מען האָט וואָרעם אויפגענומען אַן אָרעמאַן, מיט אַ נדבה און מיט אַ מאָלצייט — אין דער וואָכן און אַזוי אויך שבת און יום־טוב. מען האָט געגעבן צדקה, ניט געקוקט ווער עס בעט און פאַר וועמען מען בעט הילף. מען האָט זיך געפרייט מיט יעדערנס פרייד, גענומען אָנטייל אין יענעמס שמחה און מיטגעפילט יענעמס צער, ווען עס האָט פּאַסירט אַן אומגליק.

ווייט פון לוקסוס, האָט יעדערער געזוכט צו מאַכן אַ לעבן ריין און ערלעך. און יידן אין גאַרזד האָבן געאַרבעט און געטאָן אַלע מלאכות. אויך די יוגנט האָט געאַרבעט און געווען גליקלעך און צופרידן. עס האָט געהערשט אחדות און רעספּעקט און כיבוד־אב־ואם האָט אַ סך מאָל פאַרנומען דעם גרעסטן פּלאַץ פון אַלע מצוות.

אַזוי האָבן אויסגעזען גאָרזדער יידן. דאָס אַלץ איז אַוועק אין פלאַמען. אונדזערע שכנים, די ליטווינער, האָבן אונדז אַזוי ווי אַ פויגל אין נעץ געפאַנגען. פּלוצלינג, אומדערוואַרט, ווי אַ שטורעם אין אַ ליכ־טיקן טאָג, זיינען זיי אונדז באַפאַלן, און האָבן מיט אַ ווילדער שמחה ווי בלוטדורשטיקע חיות געפירט גאָרזדער יידן צו דער שחיטה אַזוי ווי מען פירט שעפסן. עטלעכע יידן וועלכע האָבן געפונען ביי זיך גענוג גבורה זיך אַנטקעגנצושטעלן די מערדער, זיינען די ערשטע דערשאָסן געוואָרן. עס האָט ניט גענומען מער ווי אַ פּאָר טעג, און אונדזער טייערע היים איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד און מיר זיינען געבליבן איינציקע שרידים.

שטענדיק וועלן מיר טראָגן אין האַרצן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע טאַטע־מאַמעס, שוועסטער און ברידער, וועלכע זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען אויף קידוש־השם.

**אַרנשטיין אברהם**

# כ׳האָב געהאַט אַמאָל אַ היים

כ׳האָב געהאַט אַמאָל אַ היים. אַ וואַרעמע, טייערע היים, וואָס מיין גאַנץ לעבן וועל איך דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אָך, ווי ליב און טייער און ווי אָנגענעם איז עס געווען, ווען נאָך אַ וואָך אַרבעט און אָפּוועזנהייט פון דער היים, פלעגט מען קומען צוריק צופאָרן צו די נאָענסטע און טייערסטע. די גאַנצע משפחה האָט שוין געוואַרט אויף דיר און מ׳פלעגט מיך אַרומרינגלען מיט אַזויפיל ליבע און האַרציקייט.

ווי אָנגענעם פלעגט זיין דער פרייטיק צונאַכט צו זיצן צוזאַמען מיט אַלעמען ביים שבתדיקן טיש און דערציילן איינער דעם צווייטן, ווי ס׳איז אַדורכגעגאַנגען די וואָך וואָס מ׳האָט זיך ניט געזען, און פון אַלץ וואָס האָט פאַסירט אין משך פון דער וואָך...

נאָכן עסן, פלעגן שוין וואַרטן חברים און חברות, און ווי אָנגענעם פלעגט דאָס זיין צו טרעפן זיך מיט אַלעמען און הערן וואָס האָט פאַסירט אין שטעטל אין משך פון דער פאַרגאַנגענער וואָך, הערן די פרישע נייעס פון די שטעטלדיקע יידן. אַ קלייניקייט ? — דאָס גאַנצע שטעטל האָט דאָך געלעבט ווי איין משפחה...

און ווער קען פאַרגעסן די זומערדיקע פרייטיק־פאַרנאַכטן אין שטעטל ?

די גאַנצע יוגנט פלעגט אַרומגיין איבער די גאַסן און געסלעך מיט אַ פריילעכן געפּילדער, ביז עס פלעגט שוין אָנהויבן צו טאָגן און ערשט דאַן האָט מען גענומען זיך פאַנאַנדערגיין מיט דער האָפענונג זיך ווידער צו טרעפן אויף מאָרגן שבת נאָכן עסן...

מיין פאָטער האָט מען גערופן יאַשע־אַרע הערצעס. ער איז געווען איין אַרבעטזאַמער און אַ פייאיקער געשעפטס־מאַן, אַן איבערגע־געבענער פאָטער צו די קינדער און אַן איבערגעגעבענער מאַן צו זיין פרוי. זיין איינציקער ווּנטש אין לעבן איז געווען, ווי אַזוי בעסער צו דערציען זיינע קינדער, העלפן זיי זיך איינאָרדענען אין לעבן און העלפן זיי אַרויספירן אויף אַן אייגענעם זעלבסטשטענדיקן וועג.

ליידער האָט ער זיין ווּנטש אין לעבן ניט געקענט פאַרווירקלעכן

ס׳האָט פּאַסירט אַן אומגליק און אַלע זיינע פּלענער זיינען צערונען געוואָרן און געשען איז עס אַזוי:

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן זיינען נאָך געווען אין גאָרזד און ס׳האָט אָנגעהויבן צו אַנטשטיין די ליטווישע מלוכה, איז אין איין טאָג אויסגעבראָכן אַ גרויסע קריגעריי צווישן די דייטשן און די ליטווינער. מיין פאָטער איז פּונקט אין דעם זעלבן אָוונט געגאַנגען פון אַ באַזוך פון זיין ברודער הירשע, וועלכער האָט געוווינט ניט ווייט פון אונדז. די דייטשן זיינען פון נאַטור גרויסע סאַדיסטן און ניט פרעגנדיק, ווער עס גייט? האָבן זיי אָן קיין שום וואָרענונג און סיבה געשאָסן אויף מיין פאָטער און האָבן אים געטראָפן אין פוס. אַ פאַרוווּנדעטער, איז ער געבליב ליגן אויף דער ערד, אינגאַנצן פאַרבלוטיקט אין גרויסע שמערצן, ניט באַקומענדיק פון קיינעם קיין באַלדיקע מעדיצינישע הילף. אַזוי איז ער געלעגן אַ לענגערע צייט, קייקלענדיק זיך אין אַנגסטן. ס׳איז ווער פאַרבייגעגאַנגען און מ׳האָט גלייך די שרעקלעכע בשורה אָנגעזאָגט צו אונדז.

די דייטשן האָבן געזען, אַז זיי האָבן געטאָן אַ גרויסן פעלער און כדי צו פאַרגיטיקן זייער שולד, האָבן זיי אויף צו מאָרגנס אָװעקגעפירט אים אין קעניגסבערג אין שפּיטאָל. מיין מוטער האָט אים דאָן באַגלייט.

איך בין נאָך דאָן געווען אַ קליין קינד, ווען ס׳האָט פּאַסירט מיט מיין פאָטער דער אומגליק און איך האָב נאָך דאָן קיין זאַך ניט פאַרשטאַנען. איך האָב ניט געוווּסט אין וואָס פאַר אַ שווערער לאַגע ס׳האָט זיך געפונען מיין פאָטער און די גאַנצע משפחה. מיר האָט מען בלויז געזאָגט, אַז דער פאָטער האָט זיך צופעליק אויסגעגליטשט און איז געפאַלן און אַז עס טוט אים וויי דער פוס. איך געדענק נאָך, ווי איך האָב דעמאָלט געשאָלטן דעם גליטש...

פון קעניגסבערג האָט מען מיין פאָטער אָוועקגעפירט אין בערלין אין אַ שפּיטאָל און אַזוי איז ער אָפּגעלעגן דאָרט 6 חדשים. איך געדענק ווען ער איז געקומען צוריק אַ היים מיט אַ פאַרגיפּסענער פוס, גייענדיק קוים אויף קוליעס. זיין אויסזען האָט אויף מיר געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק, איך האָב שוי׳עקלעך מורא געהאַט פאַר אים און איך האָב זיך באַהאַלטן אין אַן אַנדערן צימער...

ס׳האָט געדויערט אַ געהי׳סע צייט, ביז איך האָב זיך צוגעוווינט צו

אים. זיין יעדער טראָט אויף די קוליעס האָט מיך ווי געטאָן, איך האָב אויף אים זייער רחמנות געהאַט, וואָס ער דאַרף אַזוי ליידן, קוים שטעלנ־דיק אַ טראָט. אַזוי איז מיין פאָטער געבליבן איין אינוואַליד אויף אַ פוס, אָבער דאָך זייענדיק באַגרענעצט אין באַוועגונג אַלס אינוואַליד, האָט ער ניט איבערגעריסן זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער האָט ווייטער זוי פריער אָנטייל גענומען אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון גאָרזד. ער איז געווען טעטיק אויף פאַרשיידענע געביטן פון זיין געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט: אין ועד פון גמילת־חסדים קאַסע, אין „לינת הצדק" און אויך געווען אַ חבר פון קאָמיטעט פון יידישן פאָלקס־באַנק אין גאָרזד.

מיין מוטער האָט מען גערופן מיכלע פראימס. זי איז געווען אַ ריכ־טיקע טיפישע יידישע מאַמע מיט אַ וואַרעמער יידישער האַרץ, זייער



בת שבע לבית ארנשטיין ובעלה קלמן סוקולסקי

איבערגעגעבן פאַר איר משפחה און אויך פאַר אַנדערע מענטשן. זי איז געווען אַ שטילע, גוטמוטיקע פרוי, וועלכע האָט שטענדיק געפונען אַ גוטן וואָרט פאַר יעדן און שטענדיק באַגעגנט יעדן מיט אַ שמייכל. נאָך דעם, ווי ס'האָט פּאַסירט דער אומגליק מיט מיין פאָטער, האָט שוין דאַן די

מוטער איבערגענומען די דערציאונג פון די קינדער. זי האָט שטענדיק געוואָלט וואָס בעסער פאַר זיי, ווי בעסער זיי אַרויספירן אויף אַ זעלבסט־שטענדיקן וועג, העלפן אירע קינדער איינאָרדענען זיך ווי אַמבעסטן און העלפן יעדן איינעם פון אונדז מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט. אונדז, קינדער, האָט זי געלערנט, אַז „אַלע מאָל ווען איינער קומט בעטן אַ נדבה, זאָלט איר דעם אָרעמען מענטש ניט אַרויסלאָזן קיינמאָל ליידיק פון שטוב". איך געדענק ווי זי פלעגט זינגען דאָס ליד: „ווען אַן אָרעמאַן קומט אַריין צו דיר אין שטוב — ליידיק לאָזט אים קיינמאָל ניט אַרויס"... איר שטים קלינגט נאָך איצט אין מיינע אויערן. ליידער צו אונדזער גרויסן אומגליק האָט איר אַ שרעקלעכע קראַנקהייט אַוועקגעריסן פון אונדז, זייענדיק נאָך אין אירע בעסטע יאָרן. ערשט נאָך איר טויט, האָבן מיר זיך דערוווּסט וויפל טובות זי האָט געטאָן מענטשן, וואָס אין שטוב האָבן מיר בכלל ניט געוווּסט. נאָך איר טויט זיינען מענטשן געקומען אָפּגעבן הלוואות און גמילת־חסדים וואָס זיי האָבן גענומען ביי דער מאַמען. זי איז געווען אַ „שרה בת טובים" פאַר אונדז און פאַר אַלעמען.

אונדזער משפחה איז באַשטאַנען פון דריי ברידער און איין שוועסטער. מיין עלטערער ברודער האָט געהייסן שמואל, אָבער גערופן האָט מען אים אַלתר. ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה העלינג און געהאַט צוויי ליבע מיידעלעך: שיינעלע און מירעלע, וועלכע איך האָב ליב געהאַט ווי מיין גאַנצן לעבן. מיין שוועסטער בת־שבע האָט חתונה געהאַט מיט ד"ר קלמן סאָקאָלסקי פון קובאַרט און האָט לעצטנס געלעבט אין קאָוונע. מיין צווייטער ברודער יהודה האָט געלעבט אין גאָרזד צוזאַמען מיט מיין פאָטער און צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה.

אונדזער משפחה איז געווען אַ האַרמאָנישע, וואָס איינער איז געווען איבערגעגעבן דעם צווייטן און טריי איינער צום צווייטן, צוגעבונדן און געפלאָכטן מיט שטאַרקע משפחה־פעדים. דאָס איז געווען אַ שטוב וואָס איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן... איך געדענק אַז ביים שבתדיקן טיש פלעגט שטענדיק זיך געפינען אַן אורח אויף שבת און גאַנץ אָפט אַפילו עטלעכע אורחים, וואָס דער פאָטער פלעגט מיטברענגען פרייטיק פון שול אויף שבת.

אַלץ איז פאַרניכטעט און איז חרוב געוואָרן דורך די מערדערישע

הענט פון די דייטשן מיט זייערע ליטווישע מיטהעלפער. מיינע טייערע. איך וועל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. שטענדיק זייט איר מיט מיר צוזאַ־מען, ווו איך זאָל ניט זיין און שטענדיק וועט איר זיין איינגעבאַקן אין מיין האַרצן ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג!

זאָלן די דאָזיקע ווערטער זיין אַנשטאָט אַ קראַנץ בלומען נאָך אייערע פאַרשניטענע לעבנס אויף אייערע קברים. און זאָלן זיין פאַרשאָלטן די רוצחישע הענט וועלכע האָבן פאַרגאָסן אייער אומשולדיקע בלוט און דאָס בלוט פון די אַלע וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם. זאָלן זיין פאַרשאָלטן די אַלע וועלכע האָבן חרוב געמאַכט אונדזערע טייערע היימען און אָפּגעווישט פון דער אויבערפלאַך אונדזער טייערע גאָרזדער קהילה.

חיה גלס

# גורזד העיירה שלי

לכאורה היתה גורזד עיירה ככל שאר עיירות ליטא. בתי־עץ, לרוב בני קומה אחת, ונמוכים מאד, גגות הבתים הצמיחו אזוב, וממרחק נראה היה הגג כגן פרחים. ואף על פי כן היה בעיירה שלי משהו מיוחד ושונה מיתר העיירות.

ייחודה היה בחיי־חברה תוססים, ביחסים הנאים בין אדם לחברו ואולי גם בהתפתחותם של רוב תושביה לעומת האוכלוסיה שבעיירות הסמוכות. להתפתחות זו גרמה אולי שכנותה של העיר הגרמנית ממל והסביבה. הגבול הגרמני עבר ממש בקצה העיירה שלנו.

אהבתי את עיירת הולדתי וזכרונות נפלאים מחייה חרותים בי. לעולם לא אשכח את ביתנו הקטן. אבא, פסח פורמן, היה יהודי נקי־כפיים וללא רבב. החנות שכנה בתוך הבית. בה היה מתקן ותופר נעלים ומגפים למכירה לכפריים, שהיו פוקדים את ביתנו ביום א׳ בשבוע בבואם אל הכנסיה וביום ה׳ — הוא יום השוק.

בימים אלה היה ביתנו הומה גויים שיכורים ואני פחדתי מאד מפניהם.

ביתנו הקטן הצטיין בנקיונו ובשמחת החיים ששררו בו. אמא בת־שבע, היה שמה, היתה מסורה מאוד לבני ביתה. צנומה ועדינה היתה, ובעלת עיניים מלטפות. היא הקרינה עלינו הילדים מאישיותה הטובה ועל כל באי ביתנו. חמישה ילדים היינו: אלחנן, עוזר, חנה, זאב ואני חיה. לדאבוני הרב נותרתי כיום רק אני. שלושת אחי עלו לארץ־ישראל ונפטרו בתל־אביב. אחותי חנה נספתה בשואה יחד עם בעלה ושני ילדיהם הי״ד ויהי זכר כולם ברוך!

לעולם לא אשכח את ימי השבתות והחגים בביתנו הנעים. זוכרת אני את התכונה הרבה בכל יום שישי. אמא אפתה ובישלה וניקתה את הבית בעזרת הגוייה, שהיתה עובדת אצלנו כמה ימים בשבוע. ביום שישי אחרי הצהרים היה הבית ממורק, ומאכלי השבת נתנו את ריחם. השולחן מכוסה מפה לבנה ועליו הפמוטים ונרות השבת. הילדים רחוצים ומלובשים חגיגית לכבוד שבת.אושר קרן מעיני אמא בהביטה בנו. לי היה תפקיד

מיוחד בערבי שבתות וחגים: להביא למשפחות עניות ממאכלי שבת, שאמי היתה שולחת להם. אבא והאחים הלכו לבית הכנסת, ואנו בבית חשנו בשכינה השרויה בקרבתנו. ובשבת בבוקר, לאחר שאבא, אמא והבנים שבו מבית הכנסת, היו שכנים וקרובים מבקרים אצלנו. זוכרת אני את החבורה היושבת וביניהם אליה אשר, שלמה החיט, דודי בן־ציון ועוד. אמא היתה מכבדת אותם בי״ש ועוגה, בכבד קצוץ או בדג ממולא. קופסת הטבק להרחה היתה עוברת מיד ליד, כי לא עישנו בשבת. כל בני החבורה שוחחו ועסקו בחדשות העולם ובענייני היום. והכל מתוך



משפחת פורמן עם אידה מאירוביץ

שקט ושלווה. במוצאי שבת, כשאבא היה חוזר מתפילת מעריב ומבדיל לפנינו, היתה אמא מסירה את הפמוטים והמפה הלבנה מהשולחן ואז הרגשתי, כאילו נסתלקה השכינה מהבית.

בזכרוני שמורה היטב אווירת החגים והמועדים בביתנו. אני רואה לפני את ליל תשעה באב. נשים רבות היו מתאספות אצלנו ומחכות לאמא, שתקרא לפניהן את הקינות. כולן ישבו על שרפרפים, ראשיהן עטופים מטפחות והן מאזינות לאמירת הקינות, נדות בראשיהן ובוכות על חורבן בית המקדש. כמה עצוב היה לי באותו ערב!

הימים הנוראים חרתו רושם עמוק בליבי. תקיעת השופר בבית הכנסת בראש השנה, הצום, ותפילת „כל־נדרי״ ביום הכיפורים.

בערב יום הכיפורים אבא היה מקפיד מאד בעריכת „כפרות״ לכל

אחד מאתנו תוך הרמת תרנגול לבן ותרנגולת לבנה והנפתם מעל לראשינו. בארוחה המפסקת ביקשה אמא שנרבה לאכול, כדי לא לחוש ברעב למחרת היום.

כמה נאה היה חג הסוכות בכל בתי העיר. הסוכה היתה קבועה, אלא שבכל ימות השנה שימשה לאיחסון חפצים שונים. לקראת הסוכות



חנה פורמן ומשפחתה

היינו מפנים ממנה כל החפצים ומקשטים אותה. ילדי העיירה התחרו ביניהם, סוכתו של מי תהיה הנאה מכולן. אבא היה מביא אתו מבית הכנסת אתרוג ולולב ומברך איתנו בבית. חג החנוכה חרוט בזכרוני

כשבחוץ שוררים קור עז וכפור ובפנים חם ונעים. נרות החנוכה בחלון מאירים את לובן השלג. קרובים וידידים יושבים מסביב לשולחן, משחקים בקלפים וטועמים ממאכליה הטובים של אמא.

רבות היו ההכנות לפסח — נקיון בכל הבית, סיוד ומירוק בלי סוף. הפשרת השלגים ומזג האויר האביבי הוסיפו לשמחה. אמא הקפידה ושמרה עלינו שלא נכניס חמץ לחדרים שהוכשרו לקראת הפסח. אבא ערך את בדיקת החמץ בכל פינות הבית ואני מלווה אותו. אהובים היו עלי כל ימי חג הפסח בביתנו על הכלים הנאים והמאכלים המיוחדים.

שמחה בעיירה, כמו חתונה או ברית־מילה, היתה שמחת כולם. אנו הילדים היינו מביאים עוגות כמתנה לבעלי־השמחה. חופה היתה נערכת ע״י בית־הכנסת ובשמחה נטלו חלק כל בני העיירה.

כל זה היה ואיננו עוד, הנאצים הגרמנים ועוזריהם הכחידו את הכל מבלי להשאיר שריד. אבל את הזכרונות היפים לא יכלו לרצוח. אלה נשארו חרותים עמוק בליבי, כי אהבתי את עיירתי.

**יודיקאַ**

# איך טראַכט פון דיר

איך טראַכט פון דיר און זע דיך מיט אַזוי פיל נאָענטע אויגן.
אויף דער וועלט ליגט איצט דער אָנהויב פון רייפן זומער־טאָג,
און ווי אַ בלויער, דורכזיכטיקער פליגל
שפרייט זיך דער באַגינען, וואַקסט און העלט
אויף שטיבעלער, אויף ביימער און אויף בלומען,
ווי עס וואָלטן קינדער זיך צונויפגעקומען.

עס איז נאָך פרי... יום־טוב שלאָפט דאָס שטעטעלע
אַ ביסל לענגער.
אַלץ איז פאַרן טאָג היינט צוגעגרייט.
אויף טישן דרעמלען נאָך די ווייסע טישטעכער און לייכטער
מיט דעם אויסגעשמעלצטן חלב פון די ווייסע ליכט.

דאָ אַ ריינע העמד, אָן אויסגעפּרעסטער אָנצוג,
און דאָ אַ שפּאָגל נייע קליידל פאַר אַ קינד.
דער טלית מיטן סידור ליגן צוגעגרייטע.
ביים ווינקל פון קאָמאָד אַ בינטל צווייגן בלויע בעז.

ס'איז יום־טוב היינט. די קראָמען מיט די יאַטקעס צוגעשלאָסן.
עס קלאַפּט ניט היינט קיין האַמער ביי דעם שמיד.
דאָס גאַנצע שטעטעלע פון מענטשן האָרעפּאַשנע
רוען זיך אין פרידן, די זאָרגן הינטער זיך.

און ס'וואַרטן גאַסן, וואַלד, דער טייך לעבן דעם גאָרטן.
דער הימל ליגט שוין ווי אַ בלוי שמאַראַגד.
באַלד, און ס'וועלן אָנהויבן צו עפענען זיך טירן
און קינדער פריילעכע וועלן אַרויס צום נייעם טאָג.

האָט דאָס שטעטל היינט איר יום־טוב־טאָג פאַרגעסן ?
ווילן קינדער זייער קינדער־שפּיל ניט מער
און ניט קיין יידן גייען היינט צום שול־הויף,
און ניט קיין טירן עפענען זיך אויף ?

ווילן קינדער היינט זיך ניט צוזאַמענקומען,
אויפפירן אַ שפּיל פון טענץ און זינגען ?

**משה דרורי (רופל)**

# זכרונות

נולדתי בשנת 1915 להורי ר׳ ליבער וחייה רחל רופל. המיילדת שלי היתה טעמע. כשגדלתי סיפרה לי המיילדת שכשכר המיילדת שילמו לה הורי כיכר לחם גדולה.

אני זוכר את עצמי מגיל $3\frac{1}{2}$ שנים. היה מגיע אלינו ה„שטיבל־רבי״, זקן ובעל זקן לבן, מכיס החזיה הציצה עצם לבנה חלקה וישרה, והוא — הטייטל. את הטייטל היה מחזיק בידו הימנית הרועדת, ובה מצביע על כל אות ואות בעת שלימדני את האלף־בית עם הניקוד, וקורא בקול: קמץ אלף — אָ! ואני חזרתי אחריו על כל אות ואות, מלווה בניגון. סבי ע״ה, ר׳ נחמיה לייב שהיה אבי אימי ז״ל, כשהשבעתי רצונו, היה זורק לי מעל לראשי קופיקות בודדות. ואומר: „זה מלאך זורק לך את הקופיקות מהשמים במתנה על שלמדת יפה וילד טוב אתה״. כמובן שהשתדלתי להיות תמיד תלמיד וילד טוב.

את אבי, ר׳ ליבער, ראיתי לראשונה בהיותי בן 5. באחד הימים חזר אבא כקצין חובש ממלחמת העולם הראשונה ואני כבר למדתי ב„חדר״. ביום שאבא הגיע הביתה, אמרה אמי ז״ל: „ילדים, היום תהיה לנו שמחה גדולה בבית״. כששאלנו מה פשר דבריה, היא השיבה לנו: צפור הקישה פעמים ספורות בחלון, וכשאבא הגיע פתאום ללא כל הודעה מוקדמת, היתה זו הוכחה, שהציפור בישרה את בואו.

היינו אז 4 ילדים. שתי בנות; שרה פייגע ז״ל וינטקה — שתבדל לחיים ארוכים, אחי אַבקע ז״ל ואני — משה שאבדל לחיים ארוכים, ואחרי זמן נולדו להורי עוד 3 בנות; טויבע אסנע ז״ל והענקע רבקה ז״ל, ודאָבאַלע שתבדל לחיים ארוכים הנמצאת ברוסיה.

גורזד היתה עיירה קטנה ותוססת. עגלונים ונוסעיהם היו נוסעים מריטעווע, פלונגיאן, וויזייץ וממקומות אחרים, ששמותיהם נשכחו ממני במשך השנים. לממל. זאת היתה עיר גדולה, ובה בתי־עסק גדולים, רחובות יפים, בה רכשו סוחרי העיירות מסביבה סחורות מכל המינים, אך כולם חייבים היו לעבור דרך גורזד. העגלונים נסעו בשיירות, כי לבד פחדו לנסוע דרך היערות העבותים בגלל התנפלויות רוצחים ושודדי דרך,

ולמרות שהמרחק מריטעווע עד גורזד היה 35 ק״מ, נסעו לילה שלם בדרכים לא דרכים, ותחנתם הראשונה היתה בגורזד, כדי להאכיל את הסוסים ולנוח מהדרך הקשה והמעייפת.

העגלונים היו ממלאים כל פונדק שבקע ממנו מעט אור. אצל אַרנשטיין, אצל ר׳ בערע וועלווע מילנער — למרות שהאחרון היה אופה, אבל אפשר היה למצוא אצלו כוס תה חם; חלק גדול מיהודי גורזד התפרנסו מהעיר ממל. לחלק היו בתי־מסחר. חלק אחר היה מתפרנס משיווק פירות וירקות מכל הסוגים לתושבי ממל. חלק היה מתפרנס בגורזד גופא. היו חנויות מכולת, מאפיות, חנויות לחמרי בנין, כובען, שענים, שאחד מהם אני זוכר, את ר׳ דוד (דער זייגער־מאַכער). היו שני נפחים. אַרע דער שמיד ואיצע דער שמיד. ונדמה לי שבטאַמוז׳נה גאַס ע״י ר׳ פייווע דער מולער, היה נפח נוצרי. ר׳ פייווע היה בונה תנורים ומשפצם, וכשבתו התחתנה הוא לימד את המקצוע גם לחתנו. הפועל שלו היה איצל׳ה האגע מירעס, שהיה דורך ברגליו את החומר לטיט ומכנסיו מופשלים עד לברכיו.

בגורזד היה „תלמוד־תורה״ („חדר״) בי״ס עממי (די שולע), בית־כנסת (די שול), בית מדרש ישן ועל ידו „אַ שטיבל״. בתלמוד־תורה לימד ר׳ פייטע ע״ה, המורה דנישבסקי, שעבר מפלונגיאן לגורזד ועוד מורים צעירים שהיו מתחלפים מדי פעם. בשיעור הראשון היו מתפללים ולאחריו לימדו יתר המקצועות. בתלמוד־תורה למדו משעה 7 בבוקר ועד הצהרים, להפסקה לארוחה בבית, ובשעה 2.30 אחה״צ היינו חוזרים מצויידים עם פנסים (לאַמטערנות) עם נר בפנים, בכדי להאיר את חשכת הדרך בלילה בשובנו הביתה.

בגורזד היו הרבה תלמידי חכמים. ר׳ וועלווע דער רב, ר׳ לייב דער רב, וועלווע שטור, יוסל פורת השוחט, ר׳ אלי השוחט, דוד דער זייגער־מאַכער ור׳ יעקב בורשטיין, ר׳ גערשע פייווע ועוד הרבה, שאת שמותיהם איני זוכר. בימי חול היו מתפללים בבית המדרש 3 מנינים. במנין הראשון התפללו אלה שמיהרו לצאת לדרכם בנסיעה. פעמים רבות יכלו לראות יהודי מגורזד יושב בעגלה עטוף טלית ותפילין ומתפלל, בעוד הסוסים עושים דרכם לבטח.

במנין השני התפללו צעירים יותר ומבוגרים שעתותיהם בידם.
במנין השלישי התפללו יהודים זקנים ולמדנים. למנין הזה קראו דעם

רב׳ס מנין. בית המדרש המה כל היום אנשים ומעולם לא נסגר בשעות היום. את בית המדרש היה פותח השמש (יוסע עליע דער שמש) בשעה 4 לפנות בוקר, ונועלו מאוחר בלילה. אחרי הצהרים ובין הערביים למדו ש״ס, חברה ש״ס, בהדרכתו של ר׳ גערשע פייווע.

היתה חברת משניות — חברת עין־יעקב וחברת תהילים.

בשבת התפללו רק במנין אחד. בית־הכנסת ובית המדרש היו מלאים עד אפס מקום. גם צעירים, שהיו חופשיים באמונתם וקומוניסטים בודדים באו לתפילה לשם כיבוד הורים. בשבת לפנות־ערב, בית המדרש המה כבוורת. ע״י שולחן גדול מצד ימין למדו גמרא. ממולו — אמרו תהילים, וע״י התנורים עמדו שולחנות ושם למדו משניות ועין־יעקב. בגורזד היה חזן ברקן. הוא היה שוחט וחזן. לימים הנוראים היתה לו מקהלה, ותקופה קצרה הייתי אחד המשוררים.

בעלי תפילה היו וועלווע שטאַך, לייבע פריידעס, אבי ז״ל. בגורזד היה „תפארת בחורים״ ובראשם עמד אלתר מגיד. הוא היה חי פה בארץ וכאן נפטר. היו בחורי ישיבה שלמדו בישיבות שונות: דוד פיל. זעווקע שאַבל, יהודה פורת, שלמה מילנר — שנהרג במלחמת הקוממיות, ואנכי — שהייתי חוזר מהישיבה לחופשת חג־הפסח או לסוכות. אבי היה לוקח אותי לרב העיר, ר׳ שבתיל, בכדי לבחון אותי בלימודי, וכשהרב צבט אותי בלחי, ידע אבא כי לא איכזבתי אותו. אח״כ היה לוקח אותי לבוחן שני, לר׳ גרשון־יעקב׳ס. ר׳ גרשון יענקעס היה יהודי למדן גדול וכנראה במלחמת העולם הראשונה איבד את 2 רגליו. היה יהודי אמיד, יפה־תואר, איש אציל. היה מסדר מנין לתפילה בלילות שבת וחג, ואבי ז״ל שימש הרבה פעמים כבעל תפילה אצלו. הם גם היו מיודדים. בימי שבתות וחגים היו נושאים את ר׳ גרשון יענקעס 2 יהודים על כסא לבית־המדרש. אחד הנושאים היה האצאלע דוקס ואחר, שאת שמו איני זוכר.

בגורזד היה פאַרק גדול שקראו לו „„דער גאַרטן״. בשבתות בקיץ יכלו לפגוש שם את כל בני העיר; אמהות ותינוקותיהן בזרועותיהן, ילדים, נוער, מבוגרים וזקנים. כשהרגישו שמתקרבת שעת מנחה, מיהרו לרוץ לבית־הכנסת. אם אחרתי והתפללתי ביחידות והגעתי הביתה לסעודה השלישית, היה אבי שואל; איפה היית ב„מנחה״, וכאשר תשובתי לא היתה ברורה לו, היה שואל; מי היה הבעל תפילה של „מנחה״?

בגורזד היו יהודים בעלי לב חם, מכניסי אורחים. גם מקבצי נדבות

(הייזער גייערס) אהבו לבוא לשבת לגורזד, כי בטחו בקבלת אורחים טובה וחמה. יהודי גורזד היו ציונים טובים בליבם ובנפשם. העליה הרא־שונה לישראל מגורזד החלה בשנת 1920. יהודי גורזד תרמו בעין יפה לציונות, לקק״ל, ולקרן היסוד. הם תרמו הרבה כספים לישיבות ומוסדות שונים. בכל בית בגורזד יכלו למצוא קופסאות־צדקה שונות. בביתנו היו לא פחות מ־12 קופסאות צדקה.

בגורזד היה מכבי־אש והמפקד הראשי היה שפטיל — רווק זקן, גבר נאה. לפעמים בימי ראשון היה עורך מפגן (מנעוורות) ובקול חצוצרה היו מזעיקים את כל המתנדבים.

שריפה ענקית פרצה באמצע הלילה בגורזד. חצי רח׳ טאַמוזנה על בתיו נשרף כליל. השריפה פרצה ע״י הבית של סבי — ר׳ נחמיה. שכנו היה ר׳ מענדע פאלק, שהיה מבריח ספירט, ובלילה, כשמילאו בקבוקים ע״י נרות דולקים — פרצה השריפה .אלה היו השמועות. שני בתים של סבא עלו באש. האחד בטאַמוזנה גאַס, ובית יותר קטן מצד החצר. למה קראו לרח׳ טאַמוזנה גאַס? בקצה הרח׳ לכיוון לויגאַלען, שהיה בתחום פרוסיה, עבר הגבול, שם ניצב משמר הגבול ובודקי המכס. לזה קראי טאַמוזנה.

בגורזד היו 3 מאפיות למצות:

מאפיה אחת היתה לשפרינצע די שוואַרצע, אחת לזלמן ואחת להורי. את המצות סיפקו הורי לתושבי גורזד ורוב המצות סופקו לממל. אפית המצות היתה חוויה מיוחדת במינה. הכשרת התנור, הבאת המים מבארות והעברתם לחביות עץ. את המים הביאו אחרי זריחת השמש, ומותר היה להשתמש בהם רק למחרת היום. המים היו צריכים להיות „מים שלנו״ — כלומר מים שלנו לילה. עבדו ב־3 משמרות. המשמרת השלישית היתה המענינת ביותר. היא התחילה בחצות. מרדדות המצות היו נשים ובנות צעירות. גם נוצריות.

מי שלא ראה שמחת־תורה לא ראה שמחה מימיו. מכל החברות, ש״ס, משניות, עין־יעקב, תהילים וחברא־קדישא שתו ואכלו עד דלא ידע. ועיקר השמחה היתה בביתו של הרב. שמעו דברי תורה, ניגונים יפים. הניגון של „זבחו זבחו צדק ובטחו אל ה׳״ עוד מהדהד באוזני.

הרב בגורזד היה האזרח מס׳ אחד. הוא זכה לכבוד מלכים. הרב היה



אופים מצות — למטה: ליבר רופל, חצה'לה דוקס

מקדש חתן וכלה שבאו בלוית תזמורת מבית מגוריהם עד חצר בית־המדרש. כל שבת היה עולה השלישי לתורה, ובפוסעו מקומו ב„מזרח" לעבר הבמה, היה הקהל קם על רגליו. בראש־השנה היה הרב מקריא את התקיעות לבעל התוקע, שהיה ר' יוסף פורת. כשנפטר הרב, באו להשתתף בהווייתו כל בני העיירה ממקומות שונים בהם שהו באותו זמן. בתי המלאכה נסגרו ומטף ועד זקן השתתפו בהלויתו של הרב זצ"ל.

בגורזד היו 2 רופאים; ד"ר אוקסמן וד"ר איגעלשטיין. חי שם גם ר' מיכע דער בלינדער, עיור בשתי עיניו, ועד גיל 15 היה תפקידי ביום שישי להציב לפניו את הפמוט עם 2 נרות. הייתי מדליק אותם והוא היה מברך עליהם. הובלתי אותו לבית־המדרש והחזרתיו הביתה אחרי התפילה. עוד תפקיד היה לי בליל־שבת; להביא דגים וחלות ל„ביילא די טויבע" ולבתה, רווקה זקנה — איטא.

גורזד היית יפה ונחמדת,
את תושביך היית מחממת.

גורזד היית ספוגת תורה,
בכתרך נקשרו ואזרו בגבורה

גורזד נותרת ערומה,
ולא השיגו לך ישועה.

גורזד לא נראה אותך יותר בהדרך,
לא נשארה העיר גורזד — אלא זכרך.

אזכרה ואהמה בראותי גורזד הגויית על תילה בנויה
והעיר גורזד היהודית התורנית מושפלת עד שאול תחתיה.

דאָבקע דוקס (בלאַנק), קאַנאַדע

# מיין שטעטעלע גאַרזד

גאַרזד מיין שטעטעלע ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. גאַרזד מיין שטעטעלע פון מיין קינדהייט און יוגנט־טרוימען. גאַרזד וועלכע איז געווען און איז פאַרבליבן בלויז אין אונדזער זכרון.

איך בין געבוירן געוואָרן ביי זייער אָרעמע עלטערן, אָבער מיר האָבן קיין מאָל ניט געוווּסט פון קיין הונגער. מיין פאָטער איז געווען אַ האָרע־פּאַשנער מענטש, ער האָט שווער געאַרבעט ביי די רולקעס אין דעם טייך מיניע און ווינטער האָט ער געאַרבעט אויף דער באַן־סטאַנציע, ווו ער האָט געלאָדן און אויסגעלאָדן סחורות, וועלכע זיינען אָנגעקומען מיט דער באַן.

אין דער צייט ווען ער האָט ניט געהאָט קיין אַרבעט, פלעגט ער גיין צו די גויים אין די דערפער העלפן זיי אַרבעטן אין זייערע לאַנד־ווירטשאַפטן. קיין געלט האָט ער ביי זיי ניט גענומען, נאָר פאַרשיידענע שפּייז־פּראָדוקטן. ער פלעגט קומען אויף שבת אַהיים מיט פילע פעק עסנוואַרג און אַזוי האָט ער זיך באַמיט צו באַשפּייזן די משפחה.

מיין מוטער — אַ גוטע איבערגעגעבענע מאַמע פאַר די קינדער פלעגט זיך באַמיען אונדז צופרידנשטעלן מיט גוטע מאכלים און אין שטוב האָבן מיר ניט געפילט קיין נויט.

פיל מאָל פלעגט דער פאָטער ברענגען אַן אורח אויף שבת. אַ ייד וועלכער איז פאַרבליבן אויף שבת אין שטעטל, אָדער אַ ישיבה־בחור וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף שבת, אויפן וועג צו זיין ישיבה. די מאַמע פלעגט אויפנעמען דעם אורח מיט אַ שמייכל, זיך באַצויגן פריינד־לעך צו אים און זיך באַמיט אים צופרידנשטעלן.

אונדזער שטעטל איז געווען קליין, אָבער זייער שיין. אין משך פון אַ פערטל שעה האָט מען געקענט אַדורכגיין דאָס גאַנצע שטעטל פון איין עק צום צווייטן. דער שפּאַציר האָט זיך אָנגעהויבן פון טאַמאַזשנע ביז צום מאַרק און שוין... אויס שטעטל...

דאָס שטעטל האָט געלעבט ווי איין משפחה. יעדערער האָט געוווּסט וועגן יעדנס ליידן און פריידן. ס'האָט זיך ניט געשפּירט קיין אונטערשייד



אפיית מצות

צווישן אָרעם און רייך. אויך מיט די גויים האָבן די שטעטלדיקע יידן געלעבט בשלום.

אין גאָרזד איז געווען אַ שיינער גאָרטן, וווּהין דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט גיין שפּאַצירן. באַזונדערס אין די פרייטיק אָוונטן און אין די שבתים פלעגט דער גאָרטן זיין פול מיט שפּאַצירנדיקע מענטשן און איבערהויפּט פון דער יוגנט.

זומער איז דאָס שטעטל געווען איינגעטונקט אין גרינס. די לופט איז געווען אָנגעזאָפּט פון די שמעקנדיקע בלומען און אומעטום האָט זיך געהערט דאָס געלעכטער פון דער שפּאַצירנדער יוגנט. אין די לאַנגע ווינטער־חדשים פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען אויף דער טאַמאַזשנע. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען איינגעהילט אין אַ ווייסן בלאַנקנדיקן שניי, וואָס האָט אין די נעכט שימערירט פון דער לבנה־שיין און ס׳האָט זיך געדוכט ווי די גאַנצע ערד איז באַדעקט פון אַ זילבער־טוך.

מיר האָבן ניט געשפּירט קיין אַנטיסעמיטיזם ווי אין אַנדערע שטעט־לעך, אויך ניט געוווּסט פון קיין פּאָגראָמען. מיר האָבן געלעבט אונדזער לעבן אָן אויפטרייסלונגען, ביז עס איז געקומען דער דייטשער מלאך־המות און האָט אָפּגעמעקט פון דער אויבערפלאַך אונדזער אומשולדיקע שטעטעלע, אומגעבראַכט אירע יידן און בלויז מאַסן־קברים זיינען פאַר־בליבן פון דעם אַמאָליקן יידישן גאָרזד.

איך, מיין שוועסטער און ברודער האָבן אַ גרויסן חלק צווישן די אומגעקומענע פאַרשניטענע גאָרזדער יידן. מיר האָבן פאַרלוירן דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן געהאַט: טייערע טאַטע און מאַמע, אונדזער ברודער מיט זיין פרוי און קינדער, אונדזערע קוזינס מיט זייערע פאַמי־ליעס און פיל אַנדערע פריינד און באַקאַנטע. איך וועל זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן, כל־זמן איך וועל לעבן. די וווּנד וועט בלוטיקן און טריפן ביי יעדן איינציקן פון אונדז ביזן לעצטן אָטעם־צוג.

נישטאָ דאָס ליבע שטעטעלע גאָרזד. נישטאָ אירע טייערע האַרציקע יידן. געבליבן איז פון שטעטל בלויז אַ זכר — אַ גרויסער מאַסן־קבר, אָבער אין זיכרון וועט ביי אונדז גאָרזד לעבן ווי פריער...

**יודיקא**

# חלומות אין האַרבסט

1.

ווייט... ווייט... איז מיין שטעטעלע אומגעקומען.
איז פון איר נאָר פאַרבליבן אַ ראַזעווער חלום.
ווען אברהם האָט יצחקן געפירט צו עקדה,
האָט גאָט אָפּגעהאַלטן זיין האַנט מיטן מעסער...

קיינמאָל פאַרביטן האָט טאָג זיך אויף נאַכט,
און ניט נאַכט אויף טאָג —
נאָר מענטשלעכע לעבנס, ווי בלעטער אין האַרבסט,
ווערן צעשטערט און פאַרווישט.

די ערשטע געשטאַלט אין מענטשלעכער פאָרם
האָט אַ גאָט זיך געזוכט
און האָט אים געפונען אין נעבן־בילד —
כאָטש איינס אין געדאַנק און איינס בלוט און פלייש.

דורות און צייטן, פאַר טויזנטער יאָרן,
דערנענטערט דער מענטש מער גאָט אין זיין פאָרם.
צי וועט ער דערגיין
צו אַן אייביקן זיין?

2.

די זון גייט, ווי שטענדיק, אַריבער דער ערד
און קוקט אַ פאַרטראַכטע אויף חרובע שטעט,
אויף שטעטלעך, וואָס זיינען אינגאַנצן פאַרווישט,
מיט האָב און גוטס, מיט ווייב און קינד.

זי וואַנדערט, און זוכט יענע ליכטיקע דעכלער,
ווו ס'האָט זיך געטראָגן די אייביקע שפּיל
פון מאַמעס, וואָס האָוועןֹ, ראַמען און קאָכן,
טראָגן און האָבן, און האָדעווען קינדער.

פון קלאַפּן מיט האַמערס באַם שוסטער־וואַרשטאַט,
פון יוגנט, וואָס זינגט באַם קליידער־געניי,
פון פורלער וואָס רעדערן איבער די שטיינער,
פון קינדערש געלעכטער, פון קינדערס געשרייען.

זי קערט זיך אַוועק צוזאַמען מיטן טאָג,
וואָס קען ניט פאַרטראָגן דאָס שטומען פון צער,
און ס'קומט די לבנה, פאַרטראַכט אין איר שיין,
און וועבט אירע זילבערנע פעדים אַרום,

און האָרכט, צי מען רעדט ניט אין שטילקייט פון נאַכט,
צי וויינט דאָרט ניט ערגעץ אַ קינד פונעם שלאָף?
צי וויגט זיך ניט ווו דאָרט אַ וויג, און עס זינגט
אַ פאַרשלאָפענע מאַמע אַ וויג־ליד איר קינד?

צי וואַנדערט ניט ערגעץ אַ פּאָר אין איר ליכט
אַרעם־אין־אַרעם, און פליסטערן שטיל
די ווערטער, די ליבע, וואָס קומען פון האַרץ.
וויפל האָט זי שוין די ווערטער געהערט!

נאָר אַלצדינג בלייבט שטיל איבער חורבות און גריבער.
עס קוואַקען די זשאַבעס, עס גרילצן די גרילן —
צי וויינען זיי דאָרט אויף דעם יידישן פּיין?
צי האָבן זיי טענות צו גאָט אַליין?

עס קערט די לבנה איר פּנים אַוועק,
אין שלייער פון נעפּלען פאַרבאַרגט זי איר בליק.

עס שטייגט פון די חורבות אַרויס אַ געזאַנג —
אַ טויטע מאַמע זינגט פאַר איר טויטן קינד.

3

אַזוי ווי די מומע באַם שפּינען איר וואָל,
שוועבט אָן די שפּינראָד פון לויטערן גאָלד,
און שטיל זיצט די מומע, דאָס פּנים פאַרטראַכט,
און שפּינט ביי דעם גאָלדענעם שפּינרעדל — שטראַלן.

די שטראַליקע פעדים באַלייכטן דעם אַרום.
און ס׳הויבן פון חורבות זיך הייזער אַרויף —
אַלץ ווי געוועזן, מיט טירן און פענצטער,
מיט דעכער, וואָס זילבערן אונטער לבנה.

עס הויבט זיך אַרויס פון די חורבות די שול,
איר פּירקאַנטיק געבוי און האַלב־וואָלאַטשיקער דאַך,
די פענצטער די לאַנגע מיט שייבעלעך קליין —
און חלומט צוריק אין איר הייליקן שיין.

עס הויבן זיך אויף די פאַרברענטע געשטאַלטן
פון מענער און פרויען, פון יונג און פון אַלט.
די זקנים, ווי שטענדיק, אין רויִקן שווייגן,
די קינדער — מיט טומל, מיט לאַכן און שפּיל.

און שטיבעלעך ווערן באַלעבטע מיט לעבן.
דער דרויסן ווערט פול מיטן וואַנדל און פאַרן —
אַלץ ווי געוועזן. די לופט שמעקט ווי האָניק,
מיט ברויט און מיט חלות, מיט פלייש און מיט בשמים.

4

נאָר פלוצלינג פון ווייטן, אויף שליאַכן פאַרדרייטע,
טראָגן זיך רויכעלעך, איינס הינטער צווייטן.

די רויכן ווי קליינינקע, ווייסינקע קנוילן,
גנבענען זיך, ווי כיטרע אויגן.

׳זעט, שריי איך אויס, אַטאָמישע מערדער!
זיי לויערן ווידער די וועלט צו באַפאַלן!
זיי ווילן אויפסניי אונדז פאַרברענען אין פלאַמען!
די הערלעכע וווּנדער פון דר׳ערד צו צעשטערן!״

און עפּעס פאַרמערן זיך אָן אַ שיר מענטשן,
הונדערטער טויזנטער לויפן — וווּהין?
די גאָלדענע שפּינראָד, צוגלייך מיט דער מומען,
ווערן צעשוווּמען אין אַ בלוטיקער זון.

5

די ווייט און די ברייט ווערט מיט נעפּלען פאַרצויגן,
און עפּעס דערזעט זיך — צוויי באָרוועסע פּיס
פון ריזיקער גרויס, וואָס פאַרנעמען אַ שטח
צווישן הימל און ערד — אַ געשטאַלט פון אַ מענטש!

אומקלאָר, זיין גוף בלייבט אין נעפּלען פאַרבאָרגן,
נאָר קלאָר איז דאָס פּנים, מיט טונקעלער הויט.
פון קאָפּ אויף די פּלייצעס פער־שוואַרצע קרויזן —
און שטיל איז דאָס פּנים, פאַרטרויערט און בייז.

ער הויבט אויף די הענט צו פאַרשטעלן די רויכן —
די בלויקייט פון הימל שוועבט איבער זיי,
און לעבן אים, דאַכט זיך, בלייבן די מענטשן,
אַזוי ווי פאַרגליווערט וואַלט פלוצלינג די וועלט.

אַ העל־בלויע ליכט ניט אַ שטראַל אויף זיין האַרצן,
אַריבער די לענדן, ווייס ווי דער טאָג.
עס דאַכט זיך — עס לעבט אויף די פאָן פון ישראל!

איך שטיי ווי פאַרגאַפּט און קען ניט געדענקען,
ווו האָב איך דעם פּנים ווען פריער געזען —
אַ יידישער פּנים, מיט יידישן טרויער —
אויף ערגעץ אַ בילד? צי ערגעץ אַ מענטש?

און ס'ציט דורך אַ קול דורך ווייט און דורך ברייטן,
ווי עפּעס אַ וואָרנונג דעם גיפטיקן רויך —
„ניט שענדט די געשענדטע! ניט וואַגט צו באַפאַלן
די אייביק־געשאַפענע מוטער־ערד!

אומגליק וועט קומען אויף אייערע וועגן!
איבער אייערע פינגער וועט קריכן דער טייוול,
די ערד וועט פאַרשליסן פון אייך איר נאַרונג
און פינצטערניש וועט איר אין פינצטערניש האָבן.

געצעלטן פון שטורעמס וועלן פרייגעלאָזט ווערן
צוזאַמען מיט טייכן פון ברעגן באַפרייט.
זיי וועלן זיך טראָגן אויף אייערע ערדן,
און שטעטלער מיט שטעט וועלן ווערן צעשטערט.

און כאַאָס וועט קומען, אַ ביטערע מלחמה
פון איינס קעגן צווייטן — אַ ברודער־קריג!
און בלוטיק וועט קעמפן גאָט, און טייוול,
ביז פריי וועט די וועלט זיין פון בלוטיקע זינד.
— — — — — — — — — — — — —
אַלץ ווערט צעשווומען... אַלצדינג פאַרגייט...
אויף בוים און ערד, איבער דאַך און פּלויט
ליגן די לעצטע שטיקער חלומות
און חלומען שטיל אין דעם זומער־סוף.

אריה לייב דיקסון (דיקסאָס)

## זכרונות פון מיין היים

זייענדיק שוין לאַנג אַוועק פון מיין אַלטער, טייערער היים שוין פון אַ סך יאָרן, זע איך פיל זאַכן פאַרנעפלדיק, שווער צו געדענקען. איך געדענק אָבער זייער גוט פון אַ שווערן, אָרעם, אָבער ערלעכן לעבן ביי טאַטע־מאַמע אין שטוב.

איך געדענק מיין טאַטן אַ שווער־פאַרהאָרעוועטן, אַ שווערער אַר־בעטער, ניט קיין פאַכמאַן, וואָס האָט פון זיין אַרבעט קוים געקענט באַ־שפּייזן אונדזער משפּחה. אָבער טראָץ די שוועריקייטן האָט זיך קיין מאָל די מאַמע ניט באַקלאָגט אויף איר גורל, ווען ס׳איז איר און מיין טאַטן שווער געווען צו דערציען די קינדער אין אַזאַ אָרעמקייט.

ווען מיין באָבע איז געשטאָרבן, האָט מיין מאַמע אַריינגענומען צו אונדז אין הויז דעם זיידן, וואָס איז געווען אַ שווער פּאַראַליזירטער און האָט זיך ניט געקענט באַוועגן.

אונדזער הויז, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון 1 צימער מיט אַ קליי־נער קיך איז געווען צו ענג פאַר 6 מענטשן: דער זיידע, טאַטע־מאַמע און מיר, 4 קינדער. אָבער מיר קינדער האָבן קיין מאָל ניט געהערט פון אַן אומצופרידנקייט, פון אַ שלעכטן וואָרט צווישן טאַטע־מאַמע. די עלטערן האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט איינער צום אַנדערן, אַלץ אָנגע־נומען באהבה, שטיל און באַשיידן, און מיר — די קינדער האָבן גוט געשפּירט און פאַרשטאַנען די גוטע באַציונגען צווישן טאַטע־מאַמע און זיך דערצויגן אין אַ וואַרעמער גוטער אַטמאָספער אין שטוב.

ס׳געדענקט זיך די פרייטיק צונאַכטן אין שטוב. מען האָט געשפּירט דעם שבת אין אַלע ווינקעלער. עפּעס אַ שבת־שכינה האָט געשוועבט אין שטוב. ווי אָרעם מיר האָבן געלעבט, האָט די מאַמע געזאָרגט אַז אויף שבת זאָל זיין אין שטוב מכל־טוב.

נאָכן עסן פלעגן מיר אַלע בלייבן זיצן ביים שבתדיקן טיש און איינער פון אונדז פלעגט פאָרלייענען אַ ביכל, וואָס מיר פלעגן נעמען אין דער שטעטלדיקער ביבליאָטעק. בדרך־כלל איז דאָס געווען שמר׳ס מעשיות, וואָס האָט אַלעמען פאַרכאַפּט מיט זייער אויסטערלישקייט. דאָס איז געווען אונדזער גרעסטער פאַרגעניגן.

ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן לערנען אַ פּאָר, איז שוין די לאַגע אין שטוב געוואָרן פיל לייכטער. איך האָב אָנגעהויבן אַ ביסל צו פאַרדינען און געהאָלפן מיינע עלטערן. איך פלעג שוין עפּעס צוטראָגן אין שטוב און די מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך קענטיק פאַרבעסערט. אָבער ס׳איז געקומען די צייט, ווען מ׳האָט געדאַרפט טראַכטן פון אַ תכלית, די צייט איז געגאַנגען און ס׳האָט ניט געהאַט קיין צוועק צו בלייבן אין שטוב; מ׳האָט זיך געדאַרפט אַרויסרייסן פון קליינעם שטעטל אין דער ברייטער וועלט.

די ערשטע פון אונדז איז מיט דער הילף פון אונדזער אָנקל אַוועק־געפאָרן קיין קאַנאַדע, מיין שוועסטער און נאָך איר די צווייטע שוועס־טער. אָבער אין יענע אָנהויב דרייסיקער יאָרן איז די לאַגע אין קאַנאַדע אויך ניט געווען קיין לייכטע. ס׳איז געווען שווער צו איינאָרדענען זיך, קיין אַרבעט איז ניט געווען און מיר האָבן זיך פּשוט געמאַטערט.

מיר האָבן זייער געוואָלט אַריבערנעמען צו זיך אונדזערע עלטערן, אָבער אין יענע באַדינגונגען איז דאָס געווען אוממעגלעך און מיר האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אַ פאַרבעסערונג פון דער לאַגע, כדי מיר זאָלן זיין צוזאַמען מיט אונדזערע עלטערן.

די צייט איז געגאַנגען, די עלטערן זיינען געבליבן אין גאָרזד און דער ווייל האָט זיך אָנגערוקט דער שווערער ביטערער חורבן. ווער האָט געקענט וויסן און פאַרשטעלן זיך אַז מיר וועלן זיך שוין קיין מאָל ניט זען מיט אונדזערע טייערע עלטערן, מיטן ברודער און זיין פרוי און מיט אַלע שטעטלדיקע טייערע יידן, חברים און פריינד: הילע מאַנס פאַמיליע און מיינע יוגנט־חברים אַרקע רופעל, קאַדישקע ציז, באַרעק שאַנקע, בערעלע וועקעס קינדער און אַלע, אַלע...

אַלע, אַלע זיינען אומגעקומען פון די הענט פון דעם היטלעריסטישן תלין און זיינע ליטווישע מיטהעלפער. פאַרשניטן איז געוואָרן די גאַנצע משפחה מיט אַלע גאָרזדער יידן, ניטאָ מער גאָרזד — אונדזער טייערע שטעטעלע גאָרזד. מיר וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. זאָלן מיינע שורות זיין אַן אייביקע מצבה נאָך אונדזערע טייערע טאַטע־מאַמע און ברודער בן־ציון און זיין פרוי און אַלע גאָרזדער יידן.

געהייליקט זאָל זיין זייער אָנדענק.

**ראַשעל אושר**

# דערינערונגען

„גאָרזד, מיין שטעטעלע גאָרזד" — פאַראַפראַזיר איך אָפּט דאָס גוט־באַקאַנטע יידישע לידל „בעלז", דערמאָנענדיק זיך מיט בענקשאַפט און ווייטאָג אין מיין שטעטעלע גאָרזד, וווּ איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. דאָרט וווּ מיין וויגל איז געשטאַנען און וווּ איך האָב פאַרבראַכט די שענסטע צייט פון מיין קינדהייט און יוגנט.

כאָטש די חרוב־געוואָרענע און פון דאָס ניי אויפגעבויטע גאָרזד איז לחלוטין ניט ענלעך אויף דער פריערדיקער אַלטער גאָרזד, אָבער אין די געדאַנקען, און אין זיכרון לעבט זי אונדזער ליבע שטעטל מיט אירע נידעריקע הייזלעך און מיט די אומשולדיק גרויזאַם דערמאָרדעטע עטלע־כע הונדערט יידישע משפחות. זיי שטייען ווי לעבעדיקע פאַר די אויגן און עס דאַכט זיך, אַז די גרויזאַמעווירקלעכקייט איז בלויז אַ חלום און ווען איך וועל זיך אויפכאַפּן פון דעם קאָשמאַר, וועל איך ווידער זיין אין גאָרזד מיט מיין אומפאַרגעסלעך טייערער משפחה, נאָענטע און ליבע פריינט און חברים. זייער אָנדענק ווי אויך דעם אָנדענק פון אונדזער שטעטעלע גאָרזד, וויל איך ווידמען מיינע דערינערונגען.

## מיין משפחה

קלאָיפּעדער גאָס 52.

אין אַ נידעריקער ביז צו דער ערד־געבויגענער שטיבל פון צוויי קליינע צימערלעך, האָבן מיר ביז צו דער שריפה געלעבט אַ משפחה פון 9 מאַן.

אונדזער פאָטער אליהו (עליע), אַ שוסטער פלעגט פון פרימאָרגן ביז פינצטער זיצן ביים וואַרשטאַט און אַרבעטן. אונדזער מוטער שרה, אַ קרענקלעכע פרוי, פלעגט שטענדיק זיין פאַרנומען אין דעם פינצטערן ווינקל פון שטיבל, וואָס האָט געדינט פאַר אַ קיך.

דעם פאָטערס פאַרדינסט איז ניט גענוג געווען צו באַשפּייזן די גרויסע משפחה און מיר, קינדער, זיינען געווען געצוווּנגען פרי אָנהויבן אַרבעטן און פאַרדינען פאַר זיך און אויך העלפן דער משפחה.

זונטיק אין דער פרי פלעגן די עלטערע קינדער אַוועקפאָרן אין מעמל (קלאַיפּעדע) צו דער אַרבעט און ערשט פרייטיק פאַרנאַכט, פלעגט זיך די גאַנצע משפחה ווידער צונויפקומען ביים שבתדיקן טיש.

אין די געדאַנקען איז פאַרבליבן איין פסחדיקער סדר: ביים יום־טובדיקן טיש צוזאַמען מיט אונדזער גרויסער משפחה, זיצט אויך די באָבע עטע־ביילע, די טאַנטע פייגע־גוטע און דער אָנקל שלום מיט זיין משפחה. ביז שפּעט אין דער נאַכט קלינגען ווי אין אַ גוטן כאָר די שיינע הגדה־לידער און ווען דאָס לעצטע ליד פון דער פסחדיקער הגדה „חד גדיא" איז שוין פאַרענדיקט, הערן מיר פלוצלינג פון אונטער די פענצטער אַ שטאַרקן אַפּלאָדירן. מיר, קינדער לויפן שנעל צום פענצטער זיך צוקוקן ווער איז דאָס און ווי פאַרוווּנדערט זיינען מיר געוואָרן, ווען איך האָב דערזען אונטער אונדזערע פענצטער אַ גרויסן געזעמל פון מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען און מיט אינטערעס זיך צוגעהערט צו אונדזער זינגען...

אונדזער משפחה איז געווען אַן אַרבעטסזאַמע, אַ פרידלעכע. מיר האָבן שטענדיק געלעבט מיטן וווּנטש עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, נאָר פאַרווירקלעכן דעם וווּנטש איז געלונגען נאָר מיין ברודער צבי, וועלכער איז עולה געווען אין עלטער פון 19 יאָר. צבי האָט זיין גאַנצן לעבן גע־ווידמעט דעם אויפבוי פון מדינת ישראל. ער לעבט אין קיבוץ „עמיר" אין גליל העליון צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע און אייניקלעך.

אויך מיינע עלטערע שוועסטערס צביה און טובה זיינען מיט זייערע מענער אַדורך די הכשרה, נאָר עולה זיין האָט זיי געשטערט דער „ווייסער בוך". מיינע עלטערן, מיין ברודער גבריאל, ווי אויך די עלטערע שוועס־טער מיט זייערע פאַמיליעס זיינען אומגעקומען אומשולדיקע קרבנות פון די מערדערישע הענט פון די היטלעריסטישע רוצחים און זייערע ליטווישע מיטהעלפער ימח שמם וזכרם. מיין שוועסטער סימא איז אומ־געקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד.

זכרון עולם למשפחה.

דער הייליקער אָנדענק פון מיין טייערער פאַרשניטענער משפחה וועט ביז צום קבר זיין מיט מיר.

**יודיקא**

# ביי דער שוועל פון מיין הויז

ביי דער שוועל פון מיין הויז
ליגן וועגן אין ווייטקייט צעשפּרייט —
אַביסל אין שרעג,
איינע פון מעמעל, די צווייטע פון קרעטינגער וועג.
צווישן די וועגן שטייט די שטוב, וווּ איך וווין —
געמאָלן אין ברוין,
אַ גאַניק פון גלאָז
און יורגינען צעבליטע ביים הויז.

הייזער, וואָס שטייען אין שורות געבויט,
ציען אַביסל זיך באַרג אַראָפּ,
די דעכער מיט שינדלען באַדעקט
און וווּ ניט וווּ באַוואַקסן מיט מאָך.

פורן, באַלאָדן מיט היי, פאָרן דורך
און פילן אָן דאָס שטעטל מיט הייען־גערוך.
אַזוי פריש, אַזוי גוט!
קינדערלעך לויפן מיט באָרוועסע פיס
און שפּילן זיך אַלערליי שפּילן.

ווייט פון דעם לאָוגאַלער פעלד
נעענטערט צום שטעטל די זון,
אַ געשפּאַנטע מיט רויטקייט אַרום,
און ציט זיך פּאַמעלעך —
אַ גאָלדענע פייגלשע נעסט.

ביי דער שוועל פון מיין הויז
זע איך וועגן, וואָס פירן אין וועלט.

עלא זילבערג

## גאָרזד מיין שטעטעלע (אין ליטא)

אַ שטעטעלע, מיין שטעטעלע,
ווי ליב איז מיר דיין נאָמען,
ווער וועט נאָך דיר טראַכטן מער,
ווער וועט דיך דערמאָנען?

ווען מיר וועלן מער ניט זיין,
ווער וועט נאָך דיר בענקען?
פון דאָס לעבן אין דער היים,
ווער וועט וואָס געדענקען!

דיינע שמאָלע געסלעך,
די הייזלעך צעבויגן,
די גאַניקלעך, די גערטעלעך,
זיי שוועבן פאַר די אויגן.

אן ד. האכוואהלגעבארן הערן מיניסטער פאר. יידישע אנגעלעגנהייטן
אין דעם ליטווישן [illegible]
הערן דר. סאלאווייטשיק — אין קאוונא.

הויכפערעהרטער פערטרעטער פון די ליטווישע יידן!

[illegible]

— — — — — — — — — —

גארזד, דען 17 יולי 1919.

[illegible]

# ווי יידן האָבן געשריבן צום יידישן מיניסטער

דאָס איז אַ טייל פֿון אַ מעמאָראַנדום געשריבן אין יולי 1919 פֿון יידן אין שטעטל גאָרזד צום יידישן מיניסטער אין ליטווישן מיניסטאָרן־קאַבינעט ד״ר מ. סאָלאָווייטשיק. זיי שרײַבן, אַז נאָך דער מלחמה האָבן זיי געלייגט גרויסע האָפֿענונגען אויף דעם פונקט פֿון ווילסאָנס 14 פונקטן וואָס רעדט וועגן נאַציאָנאַלע רעכט פאַר קליינע פעלקער. זיי פֿילן זיך אָבער אָפּגענאַרט, ווײַל די ליטווינער אין זייער שטעטל לאָזן נישט צו קיין יידן אויף מלוכישע שטעלעס און האָבן פֿאַרכאַפּט פאַר זיך די שטאָטישע פֿאַרוואַלטונג. זיי רעכענען אויס אַ גאַנצע ריי עוולות פֿון די ליטווינער לגבי יידן און זיי בעטן דעם יידישן מיניסטער זיך אָננעמען זייער קריוודע. אין די פֿרילינגיאָרן פֿון דער ליטווישער מלוכה האָבן יידן גענאָסן פֿון אַ ברייטער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע: עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ יידישער נאַציאָנאַלראַט וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך אַלגעמיינע און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן; עס איז אויך געווען אַ יידיש מיניסטעריום וואָס האָט זיך באַנוצט מיט יידיש אין דער לויפיקער אַרבעט. די דאָזיקע יידישע אויטאָנאָמיע איז ביסלעכווײַז פֿאַרשמעלערט געוואָרן. אין די דרײַסיקער יאָרן איז געבליבן בלויז אַ באַגרענעצטע שול־אויטאָנאָמיע. — פֿון ווילנער אַרכיוו פֿון ייִוואָ.

# די גאָרזדער רבנים

דאָס איז אַ כראָנאָלאָגישע רשימה פון די רבנים, וואָס האָבן פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין גאָרזד במשך פון 150 יאָר.

1) ר׳ **לייב טייץ.** 2) זיין זון ר׳ **בער טייץ.** 3) ר׳ **ברוך בעג.** 4) ר׳ **נחום גוטמאַן**, נפטר געוואָרן שנת תקצ״ג. (זיינע אוראייניקלער האָבן געלעבט אין גאָרזד. 5) ר׳ **יאָסעלע שוועקסנער.** 6) זיין זון ר׳ **זאב יאָפע**, נפטר געוואָרן שנת תר״ח, בשעת אַ גרויסע **עפּידעמיע**, וואָס האָט אָנגעקערט אַ סך קרבנות. (לויט אַ מסורה שטאַמט אָט די פאַמיליע יאָפע פון דעם באַרימטן גאון ר׳ **מרדכי יפה**, דער מחבר פון „**לבוש**״, און אַ קייט פון 12 דורות רבנים האָט זיך געצויגן אין איר. — 7) זיין זון ר׳ **משה יפה**, תר״ח—תרט״ו. 8) זיין זון ר׳ **יוסף יפה** געווען אַ רב אין פּאָקראָי, סאַלאַנט, גאָרזד, און צולעצט אין מאַנצ׳עסטער ענגלאַנד ווו ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרנ״ז. 9) ר׳ **יצחק ראַבינאָוויץ** באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ **איצעלע פּאָנעוועזער**, נפטר געוואָרן אין פּאָנעוועז אין יאָר תרע״ח. 10) הרב הגאון ר׳ **שבתי אהרן שאַפּירא** נ״י אַ זון פון ר׳ **משה שאַפּירא** (ריגער רב און אַן אייניקל פון ר׳ **אייזעלע** סלאָנימער — ר׳ **אייזעלע חריף**). 11) ר׳ **מאיר לעווין** נולד תרנ״ג ציטובין נהרג תמוז תש״א.

האָט ער דערלערנט דייטש גרינטלעך און אויך באַקומען די עלעמענטאַרע ידיעות אין פראַנצויזיש און אַלגעמיינע לימודים. גלייכצייטיק איז ער געוואָרן אַ מאָדערנער העבּרעאישער לערער פון אַ גרופּע קינדער פון היינטוועלטיקע, ציוניסטישע עלטערן. נאָכן פריזיוו איז דער טאַטע אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד, כּדי אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט. אָבער איבער מאַנגל אין מיטלען האָט ער זיך געמוזט באַנוגענען מיט זעלבסט-בילדונג. ער האָט געלעבט אין פראַנקפורט-אַם-מיין, מעמל און וויסבאַדן, ווו ער פלעגט געבן פּריוואַטע לעקציעס אין העבּרעאיש ביי אַ פּאָר רייכע רוסישע יידן. דאָס יאָר לעבן אין וויסבאַדן האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר זיין אַנטוויקלונג מחמת דער גרויסער קעניגלעכער לאַנדס-ביבליאָטעק, ווו ער האָט פאַרשלונגען אַ ים מיט ביכער. אַז ער איז צוריקגעקומען אַהיים קיין גראָדזשע, האָט ער דעביוטירט אין א. ליטווינ׳ס חודש-זשורנאַל „לעבן און וויסנשאַפט“ מיט אַן איבערזעצונג פון א. דאָדעל׳ס אַ בראָשור „די רעליגיאָן פון דער צוקונפט“. הגם ער האָט שוין מיט אַ צייט פריער געהאַט געשריבן לכתחילה אין העבּרעאיש (שירים), דערנאָך אין דייטש און ערשט לסוף איינגעזען, אַז די לאָגישסטע זאַך איז צו שרייבן אויף יידיש. אָבער ערשט אַ דאַנק ליטווינ׳ס אויפמונטערונג, האָט ער זיך אָנגעהויבן ערנסטער אָפּצוגעבן מיט ליטעראַרישער אַרבעט. אין „לעבן און וויסנשאַטפט“ האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע אָריגינעלע אַרבעט „אליהו, דער נביא פון בלוט און אייזן“ (1912) און אויך לידער אין פערזן און אין פּראָזע. אין יאַנואַר 1910 איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע. ביז פרילינג 1915 האָט ער געלעבט אין שיקאַגאָ, ווו ער האָט זיך פאַרנומען מיט געבן העבּרעאישע לעקציעס און אָפּגעבן די גאַנצע פרייע צייט צו שטודירן ביבל-קריטיק און סעמיטישע געשיכטע. ער פלעגט גאַנצע טעג זיצן און לערנען אין דער ביבליאָטעק פון „גאַרעט טעאָלאָגישן סעמינאַר“ (פון די מעטאָדיסטן), נישט ווייט פון שיקאַגאָ. איינס פון די ווערק וואָס ער האָט גרינטלעך דורכשטודירט, האָט ער אַמאָל אונדז דערציילט, איז געווען ב. שטאָדע׳ס „געשיכטע דעס פאָלקעס איזראַעל“. שטאַדע איז געווען איינער פון וועלהויזנ׳ס וויכטיקסטע תלמידים און אין זיין נאָר-וואָס דערמאָנטן ווערק גיט ער אַ גרינטלעכע סומירונג פון דער ביבלישער וויסנשאַפט ביז זיין צייט. אָט דאָס ווערק האָט דער טאַטע גרינטלעך דורכגעלערנט און אַזוי אַרום אויסגעבויט דעם פונדאַמענט פאַר זיין

מערקווירדיקער קענטשאַפט אין דער מאָדערנער וויסנשאַפטלעכער תנ״ך־פאַרשונג.

פאַר דער צייט האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרטיקלען אויף פאַרשידענע טעמעס פון דער יידישער געשיכטע. אין 1915 האָט ער זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. פון 1918 ביז 1948 איז ער געווען לערער פון תנ״ך און יידישער געשיכטע אין יידישן לערער־סעמינאַר. אין 1924 האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין קוזינע טייבל קאַפּעל. אין 1925 איז געבוירן געוואָרן זיין זון עמוס און אין 1927 זיין טאָכטער מרים. אַ סך יאָרן איז ער געווען אַ מיטאַרבעטער אין „פאָרווערטס״. ער האָט, אַ חוץ זיינע ביכער, פאַרעפנטלעכט אין „פאָרווערטס״, אין „טאָג״, און אין פאַרשידענע זשורנאַלן איבער זיבן הונדערט אַרטיקלען און עסייען אויף די פאַרשיידנסטע טעמעס פון דער יידישער געשיכטע און קולטור. אין 1948 האָט די שויס־משפּחה פאַרלאָזט ניו־יאָרק און זיך באַזעצט אין לאָס־אַנדזשעלעס. שוין אין 1944 האָט דער טאַטע געהאַט זיין ערשטע האַרץ־אַטאַקע און פון דאַמאָלסט־אָן איז ער געווען אַ שוואַכער מענטש. ספּעציעל די לעצטע יאָרן אין לאָס־אַנדזשעלעס האָט ער ווייניק געקענט אַרבעטן און געמוזט אַ סך רוען.

וועגן די וויכטיקסטע ווערק וואָס ער האָט פאַרפאַסט און זיין בייטראַג פאַר דער יידישער ליטעראַטור און דער פאַרשפּרייטונג פון תורה צווישן יידן שרייבן אַנדערע. ער איז געשטאָרבן זונטיק אינדערפרי זיבן אַזייגער, כ״ה תשרי תשי״ד.

דער טאַטע האָט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און אויפמערקזאַמקייט אַכטונג געגעבן אויף אונדזער דערציִונג, יידישלעך און בכלל. עס שווימען אויף אין אונדזער זכרון אַ סך וואַרעמע דערינערונגען, וואָס האָבן דערמיט אַ שייכות. מיר געדענקען, למשל, ווי דער טאַטע האָט אונדז געפירט דאָס ערשטע מאָל אין דער קינדער אָפּטיילונג פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק און דער 42טער גאַס. שרייבן האָבן מיר נאָך ניט געקענט, אָבער לייענען האָבן מיר שוין געקענט די גרויסע בילדער־ביכלעך פאַר קינדער. מיר זיינען געווען אַ יאָר פיר־פינף. מרים זעט נאָך פאַר די אויגן דאָס בילד ווי דער טאַטע נעמט איר קליין הענטל אין זיינער און שרייבט מיט איר דעם נאָמען אירן אויפן ביבליאָטעק־קאַרטל. פון דאַמאָלסט־אָן פלעגט אונדז דער טאַטע ברענגען ביכער פון דער גרויסער ביבליאָטעק,

ווּ ער פלעגט סיי ווי דאַרפן זיין זייער אָפּט פאַר זיין אייגענער אַרבעט, ביז מיר זיינען געוואָרן אַלט גענוג צו פאָרן אַליין אין אַ ביבליאָטעק. מיר געדענקען ביידע ווי דער טאַטע פלעגט זאָגן וועגן מרימ׳ען: „מ׳קען דאָך ניט אָנהאַלטן נאָך דיר. דו ,זופסט׳ דאָך דורך די ביכער״. עס איז פאַר אים טאַקע געווען אַ שוועריקייט אַזוי אָפט צו זוכן ביכער פאַר אונדז, ווייל ער פלעגט אַוועקגעבן שעה׳ן אויסצוקלייבן פּאַסיקע זאַכן פאַר אינדז צו לייענען. איינמאָל איז מרים געלעגן קראַנק אין בעט און האָט געלייענט וואָס דער טאַטע האָט גערופן אַ „שונד־ראָמאַן״. אַז מ׳האָט אים גע־פרעגט פאַר וואָס ער לאָזט אַזאַ יונג קינד לייענען אַ בוך וואָס איז פאַר דערוואַקסענע, האָט ער געלאַכט און געענטפערט: „און אַז זי וועט לייענען און נישט פאַרשטיין וועט איר עפּעס אויספעלן? אָבי זי לייענט נישט די גרויסע קלאַסישע ווערק איידער זי איז אַלט גענוג צו פאַרשטיין. דאָס וואָלט געווען אַ פאַרלוסט, ווייל זי וועט שוין דאָס ווערק אַ צווייט מאָל נישט לייענען״. און אַזוי איז טאַקע געווען. דער טאַטע האָט אונדז אַזוי איינגעוווינט, אַז ווען מיר האָבן געוווּסט אַז דאָס איז אַ וויכטיק בוך, האָבן מיר עס אַוועקגעלייגט, ווען מיר האָבן אין לייענען געזען אַז דאָס בוך איז צו דערוואַקסן. מיר זיינען טאַקע צוליב דער דאָזיקער אַטמאָס־פערע, וואָס דער טאַטע האָט געשאַפן, געבליבן מיט אַ טיפער איינגע־וואָרצלטער ליבשאַפט צו ביכער.

מענטשן פלעגן וועלן וויסן: וואָס איז דער כישוף וואָס מיט אים באַצויבערט חיים שויס זיינע קינדער, אַז זיי זאָלן אַזוי גערן לערנען יידישע לימודים? ער איז דאָך אַן אויסנאַם צווישן די געלערנטע מיט זיין דערפאָלג אין לערנען מיט די אייגענע קינדער. וואָס טוט ער?

מיר טראַכטן דערפון אַליין. וואָס פאַר אַ באַציִונג האָט דער טאַטע געהאַט צו אונדז און וואָס פאַר אַ מעטאָדן האָט ער אָנגעווענדעט אונדז צו קענען האַלטן אַזוי געשפּאַנט פון איין טאָג ביזן צווייטן?

עס איז שווער צו באַשרייבן וואָס איינעמס געפילן זיינען געווען וועגן לערנען ווען מ׳איז געווען גאָר יונג. אין הויז האָבן מיר אַלע גערעדט נאָר יידיש. דער טאַטע פלעגט גאָרנישט ענטפערן, אַז מ׳האָט גערעדט ענגליש. ער פלעגט זאָגן אַז וועגן ענגליש זאָרגט ער זיך גאָרנישט — ענגליש וועלן מיר זיך שוין אויסלערנען אין סקול און אויף דער גאַס — זיין זאָרג איז פאַר יידיש און העברעאיש. דאָס טאָג־טעגלעכע לערנען

איז געווען ווונדערלעך ענג פֿאַרבונדן מיט דער גאַנצער יידישער סביבֿה, אין וועלכער מיר האָבן געלעבט. מיר האָבן זיך, למשל, גאָר זעלטן אַוועק־געזעצט פֿאָרמעל לערנען יידישע ליטעראַטור. ריידן און פֿאַרשטיין יידיש האָבן מיר ביידע געקענט פּערפֿעקט. ווען מיר האָבן ביידע אָנגעהויבן גיין אין דער אַלגעמיינער שולע, איז אונדזער אומגאַנגס־שפּראַך געווען יידיש און מיט ענגליש האָבן מיר געהאַט אַ ביסל שוועריקייטן. עס זיינען אונדז ביידן איינגעקריצט אין זכרון די אָוונטן, ווען מיר פֿלעגן זיצן צוזאַמען אין עס־צימער נאָך וועטשערע און מיר פֿלעגן „פֿאַרבייסן" מיט אַ מעשהלע פֿון פּרץ, אָדער שלום־עליכם. גאָר גוט געדענקען מיר, ווי מיר פֿלעגן זיך קאַטשען פֿון געלעכטער פֿון „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס". מיר פֿלעגן האָבן אַזויפֿיל הנאה, ווען דער טאַטע האָט פֿאַרגעלייענט פֿאַר אונדז, אַז לייענען יידישע זאַכן איז פֿאַר אונדז שפּעטער אין לעבן געוואָרן אַ נאַטירלעכע, אָנגענעמע זאַך. אָפֿטמאָל פֿלעגט דער טאַטע אונדז גאָר פֿאַרלייענען מעשיות פֿון מדרש און אגדה אויף יידיש און מיר פֿלעגן זיך אַזוי שטאַרק ווונדערן ווי ער לייענט העברעאישע ווערטער און אַרויס־קומען קומט גאָר אַרויס יידיש. פֿאַר אונדז איז דאָס געווען אַ מין כּישוף, און מיר האָבן גאַרנישט געוווּסט וויפֿל מיר האָבן פֿאַקטיש אין יענע וואַרעם־שטוביקע אָוונטן זיך אויסגעלערנט.

אין דעם טעגלעכן לערנען האָבן מיר גרינטלעך געלערנט תנ״ך, דקדוק און העברעאיש. מיר זיינען געווען אַן ערך פֿיר־פֿינף יאָר אַז מיר האָבן אָנגעהויבן לערנען אַ העברעאיש לערנבוך, ביז מיר זיינען באַקאַנט געוואָרן מיט די אותיות. גלייך נאָכדעם האָבן מיר אָנגעהויבן לערנען תנ״ך אין אַ פֿאַרקירצטער אויסגאַבע. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט ביז מיר זיינען אַריבער צום פֿולן טעקסט מיטן פּירוש פֿון ש. ל. גאָרדאָן. מיר פֿלעגן זיך פֿילן זייער ערוואַקסן ווען דער טאַטע פֿלעגט אונדז אָנווייזן אויף די אינטערעסאַנטע הערות וואָס זיינען געווען אונטערן טעקסט. איבערזעצן פֿלעגן מיר אויף יידיש. דער טאַטע האָט דאָ אייגנט־לעך „געשאָסן צוויי האָזן מיט איין ביקס". מיר האָבן זיך טאַקע גרינטלעך אויסגעלערנט אידיאָמאַטישן און ליטעראַרישן יידיש. דער טאַטע פֿלעגט בכיוון זיך באַנוצן מיט די לאַנגע, קאָלירררייכע ווערטער פֿון יהואָש׳ס איבערזעצונג; ווערטער ווי „גאָטספֿאַרכטיקייט", „מוטוויליקייט", „נידערט־רעכטיקייט" האָבן אונדז שטענדיק באַצויבערט מיט זייער קאָמפּליצירט־

קייט, ווען זיי האָבן זיך אַרונטערגעגליטשט פון אונדזערע יונגע צינגעלער.

אָבער מיר האָבן נישט געלייענט און איבערגעזעצט טרוקענערהייט. דער טאַטע פלעגט אונדז כּסדר אָפּשטעלן, כּדי אונדז צו דערקלערן אַ פּסוק, אָדער אַ טייל פון אַ פּסוק, וואָס איז פאַר אונדז נישט געווען קלאָר. מיר זיינען געווען איינגעוווינט צו קוקן אין די הערות אונטערן טעקסט. זייער אָפט פלעגן מיר טאַקע פאַרלירן דאָס אָרט, ווייל מיר פלעגן זיך פאַרטיפן אין די הערות און פאַרגעסן ווּ מ׳האַלט אין דעם טעקסט.

מיר געדענקען אויך די ספּעציעלע תנ״ך־אויסגאַבע, וואָס דער טאַטע פלעגט אַליין נוצן זיך איינצוקוקן און אָפּטמאָל פלעגט ער זי אונדז געבן ווי אַ באַזונדערע פּריווילעגיע. די ברעגעס פון די בלעטער זיינען געווען אָפּגעפאַרבט מיט גאָלד. געבונדן זיינען די ספרים געווען מיט אַ ליידיקן בלאַט צווישן יעדע צוויי געדרוקטע בלעטער און אויף אָט די ליידיקע בלעטער האָט דער טאַטע געהאַט אָנגעשריבן זיינע אייגענע הערות און הערות פון גרויסע תנ״ך־פאַרשער און ביבל־קריטיקער. מיר זיינען נאָך געווען גאָר יונג ווען מיר האָבן זיך „באַקאַנט״ מיט די אַלע באַרימטע נעמען אין תנ״ך־וויסנשאַפט און אַז מיר פלעגן שטיין פאַרחלומט און קוקן אין דעם טאַטנ׳ס ביכער־שראַנקען, זיינען די נעמען אויף די טאָוולען געווען אַלטע פריינט.

דער טאַטע האָט באַנוצט אויך אַנדערע אופנים, כּדי צו מאַכן דעם מאַטעריאַל וואָס מיר האָבן געלערנט לעבעדיק און בולט פאַר אונדז. מיר געדענקען ביידע זייער קלאָר ווי מיר שטייען אין גרויסן מוזעי אין ניו־יאָרק, פאַרגאַפּט פאַר אַ מומיע פון פרעה מלך מצרים, אויסגעגראָבענע כּרובים פון בבל, און אַנדערע איבערגעבליבענע רעשטלעך פון דעם לעבן פון דער אוראַלטער צייט. מיר געדענקען אַ רייזע וואָס מיר האָבן איין טאָג געמאַכט. צו דעם יידישן מוזעי אין שעכטערס סעמינאַר און ווי פאַרוווּנדערט און פול מיט ציטער מיר זיינען געווען ווען מיר האָבן געזען אַ מאַנוסקריפּט פון מיטלאַלטער, וואָס אויף דער אונטערשטער שורה זיינער האָט מען געקענט זען דעם רמב״מס אונטערשריפט.

אַז מיר האָבן געלערנט די געשיכטע פון די יידן אין דער גריכישער אָדער רוימישער צייט, האָבן מיר שוין מיט יאָרן פריִער געהאַט אַ הינ־טערגרונט וועגן דעם לעבן פון די גריכן אָדער די רוימער. מיר האָבן שוין געוווּסט אויף אויסנווייניק די נעמען פון די אַלע געטער און געטינס

זייערע, ווייל דער טאַטע האָט אונדז געבראַכט מעשיות פֿון דער גריכישער און רוימישער מיטאָלאָגיע וועלכע מיר פֿלעגן ממש שלינגען. דער טאַטע האָט אונדז אויך פֿאַראינטערעסירט צו לייענען אַרכעאָלאָגישע ביכער, געשריבן פֿאַר קינדער, וואָס האָבן דערציילט וועגן די אַלע אויסגראָ־בונגען פֿון יענע צייטן. אַז מיר האָבן געלייענט די ביכער האָבן מיר ביידע אָפֿט געטראַכט, אַז מיר וואָלטן געוואָלט ווערן אַרכעאָלאָגן ווען מיר האָבן אַ סך פֿון די זאַכן געזען מיט די אייגענע אויגן אין מוזעיען. ווען דער טאַטע האָט גערעדט פֿון די געפֿונענע טאָוולען פֿון פֿעלקער־שריפֿט, אָדער דער בילדער־שריפֿט פֿון די עגיפּטער, האָבן מיר טאַקע געהאַט אַ קאָנקרעטן באַגריף פֿון וואָס ער האָט גערעדט. אַז ער האָט אונדז געוואָלט דערקלערן אַ געאָגראַפֿישן ענין אין שייכות מיט דער אַמאָליקער ארץ־ישׂראל, פֿלעגט ער שנעל אַרויסנעמען די גאַר־גרויסע לאַנד־קאַרטע זיינע פֿון די ביבלישע לענדער און אונדז ווייזן וואָר ער מיינט.

מיר האָבן אויך אַריינגעזאַפּט אין זיך די אַטמאָספֿערע און דאָס שטייגער לעבן פֿון דער אַלטער היים דורך די וווּנדערלעכע מעשׂיות וואָס דער טאַטע פֿלעגט דערציילן וועגן זיין שטעטל. דעם טאַטנ׳ס שטעטל איז מסתּם געווען אַזאַ שטעטל און מיט די זעלבע טיפּן מענטשן ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע. אָבער אַז מיר זיינען געווען קינדער זיינען מיר געווען זיכער, אַז די מענטשן וואָס האָבן געוווינט מיטן טאַטן אין גאָרוד זיינען גאָר געווען אויסנאַמען, ווייל ער האָט זיי אַזוי שיין און אַזוי בילדלעך אָפּגעמאָלן פֿאַר אונדז. מיר פֿילן זיך עד היום נאָענט צו זיי, כאָטש מיר האָבן זיי קיינמאָל ניט געקענט. אַזעלכע טיפּן ווי „פּייווע דער הויכער״, „עלקע די קליינע״, און דער שבת־גוי „יאַנע קוגל״ זיינען אונדז גוט באַקאַנט. אויך פֿון די אַרומיקע ליטווישע פּויערים און די פּריצים, מיט וועמען די יידן אין שטעטל האָבן געהאַט עטוואָס אַ פּאַרקער, פֿלעגט דער טאַטע דערציילן און מיר פֿלעגן זיך צוהערן מיט התפּעלות.

דער טאַטע איז געווען אַ מערקווירדיקע קאָמבינאַציע פֿון דעם מזרח־אייראָפּעישן למדן און דעם מערבדיקן וויסנשאַפֿטסמאַן. ער איז געווען אויסערגעוויינטלעך אינפֿאָרמירט אין יידישקייט און אַלע אירע מאַניפֿעס־טאַציעס. ער האָט זיך אפֿשר מער אויסגעצייכנט מיט זיין בקיאות ווי מיט

זיין חריפות. זיין זכרון איז געווען מערקווירדיק שאַרף ביז די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. פיל מאָל האָבן מיר געזען ווי ער באַווייזט וואָס ער פלעגט זאָגן וועגן זיך אַליין, אַז ווען ער לייענט עפּעס געדענקט ער עס, אַפילו דאָס בוך און אויף וואָסער זייט עס שטייט. דעם תנ״ך האָט ער געקנעט אויף אויסנווייניק. אויך אין אַלגעמיינעם וויסן איז ער געווען מערקווירדיק אינפאָרמירט. מיר פלעגן זיך פיל מאָל ווונדערן וויפל מער פון אונדז ווייסט ער וועגן געגנשטאַנדן, וואָס מיר האָבן שטודירט אין אוניווערסיטעט און וואָס ער האָט זיך זיי אויסגעלערנט פון זיך אַליין.

אין זיין פּערזענלעכן לעבן איז ער געווען אַ מוסטער פון ריינקייט און פּינקטלעכקייט. ער איז אַלע מאָל געווען גוט געקליידעט און האָט פיינט געהאַט פוילקייט, אַפּגעלאָזנקייט און אומפּינקטלעכקייט ביי אַנדערע. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו האַלטן זיין וואָרט, צו דער מינוט און צו דער סעקונדע. אויב עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט אין זיין לעבן ווען אַ ליגן וואָלט געווען נאַטירלער, האָט ער נישט געוווּסט ווי מען טוט דאָס. זיין ערלעכקייט איז געווען אומנאַטירלער. ער איז געווען אַ גרויסער עקשן און גאַנץ קאָנסערוואַטיוו. ער האָט פיינט געהאַט לייכטזיניקייט. ער האָט זיך ווייניק פאַראינטערעסירט מיט „עולם־הזה״ — זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו לייענען אַ בוך. ער האָט געהאַט אַ טייערן חוש פאַר הומאָר און איז געווען מלא וגדוש מיט מעשיות, אַנעקדאָטן, וויצן און משלים פאַר יעדער געלעגנהייט. בדרך כלל איז ער געווען אַ היציקער און אַן אויפגעקאָכטער מענטש. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן מענטשן מיט מיינונגען וואָס זיינען באַזירט אויף לויטערער עם־הארצות. זיינע פריינט זיינען לרוב געווען שרייבערס, לומדים, אינטעליגענטן. כאָטש ער האָט געקענט לייכט זיך אַפּשטעלן און ריידן מיט אַ פּשוטער יידענע אויף דער גאַס און האָט באמת ליב געהאַט אַלעמען.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ אויסערגעווײנטלעכן זכרון און אַזוי פיל וויסן, האָט ער זיך ביים שרייבן קיינמאָל נישט פאַרלאָזט אויף זיך. ער פלעגט יעדן פּונקט נאָכקוקן און איבערקוקן. אַ סך מאָל האָט אים גענומען דריי טעג אַנצושרייבן אַן אַרטיקל פאַר אַ צייטונג, אָבער דער אַרטיקל איז געווען פּינקטלעך אין יעדן פּרט. ער איז געווען זייער אַ באַשיידענער און האָט געוווּסט און אַנערקענט ווען אַנדערע זיינען געווען מער באַהאַוונט אין אַן ענין ווי ער. צום ביישפּיל,

בנוגע פראַגן פון סטיל און אידיאָם אין יידיש האָט ער שטענדיק געפרעגט ביי אַנדערע. זיין דרך־ארץ פאַר לומדות און וויסן איז געווען גרויס, אָבער אין דער זעלבער מאָס האָט ער ניט געקענט פאַרטראָגן עם־הארצות אין מענטשן, וואָס מאַכן אַן אָנשטעל פון געלערנקייט.

אין הויז איז אַלעמאָל געווען אַן עקאָנאָמישער דוחק און די זאָרג פאַרן מאָרגנדיקן טאָג, ווייל פון זיין לומדות האָט דער טאַטע קוים גע־מאַכט אַ לעבן. און ער האָט געוווסט, אַז ווען ניט די מאַמע וואָלט ניט געווען וואָס צו עסן. ער פלעגט זאָגן אַז אַנדערע פרויען, אַז מ׳גיט זיי דריי טאָלער מאַכן זיי דערפון איינעם, אָבער טייבלען אַז מ׳גיט איר איינעם מאַכט זי דערפון דריי. ער האָט אין אַלע הויז־זאַכן, קליידער, געלט און באַלעבאַטישקייט זיך אינגאַנצן פאַרלאָזט אויף דער מאַמען. ער האָט קיינמאָל נישט געקויפט אַפילו אַ פּאָר זאָקן אַליין, אָן דער מאַמען.

דער טאַטע, ע״ה, איז געווען וואָס שעכטער האָט אַמאָל גערופן דער אייביקער סטודענט״. דעם טאָג פאַר זיין טויט איז ער געזעסן כמעט דעם גאַנצן טאָג און געלייענט, און געשטאָרבן איז ער לעבן זיינע ביכער. ער האָט באמת דורכגעפירט אין זיין לעבן וואָס עס שטייט אין פרק: „הוי מתלמידיו של אהרן אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות ומקרבן לתורה״.

**שויס דבורה**

# שויס לייבע (1967—1915)

מיט מיין מאַן שויס לייבע, אַ געבוירענער אין גאַרזד, האָב איך זיך באַקאַנט אַ קורצע צייט פאַרן אַריינקומען פון דער רויטער אַרמיי אין קאָוונע.

לייבע איז געווען אַ וואונדערבאַרער, פעיקער און הויך־קולטורעלער מענטש, באַגאַבט אויף פאַרשיידענע געביטן. שוין פון דער פריסטער יוגנט האָט ער אַרויסגעוויזן פעיקייטן צו דיכטונג. ער האָט געשריבן שיינע ליבע־לידער פאַר אַ מיידל אין זיין שטעטל (ווער ווייסט צו די לידער זיינען בכלל דערגאַנגען צו איר?). זייער פרי האָט ער זיך שוין אָנגע־הויבן צו אינטערעסירן מיט פּאָליטיק, אַרויסגעוויזן פעאיקייטן צו אַסטראָ־נאָמיע און שפּראַכן־קענטעניש. ער האָט געקענט פּערפעקט דייטש, יידיש, העברעאיש, ליטוויש און רוסיש (די דאָזיקע שפּראַך האָט ער זיך אויס־געלערנט אין דער צייט פון קריג און האָט אַפילו שוין געשריבן אַרטיקלען




קבוצת לימוד לשון אספרנטו

אין רוסיש). שפּאַניש האָט ער זיך אויסגעלערנט אין דער צייט פון ביר־גער־קריג אין שפּאַניע. (שפּאַניש האָט ער באַהערשט אין וואָרט און אין שריפט). צו די דאָזיקע אויבן אויסגערעכנטע שפּראַכן דאַרף מען אויך צורעכענען ענגליש און עספּעראַנטאָ. ער איז געווען אַ פּרעכטיקער עס־פּעראַנטיסט. ער האָט אויך געהערט ראַדיאָ־אוידיציעס אין איטאַליעניש, פּראַנצויזיש און אַפילו האָלענדיש.

זיין הויפּט־באַרוף איז געווען זשורנאַליסטיק. ער האָט געהאַט אַ פלינקע פעדער, געשריבן פאַרשידענע אַרטיקלען אויף פאַרשידענע טע־מעס, חוץ דעם איז ער געווען לעקטאָר אויף פּאָליטישע טעמעס. יעדן אַרטיקל פלעגט ער אָנשרייבן אין משך פון אַ פּאָר שעה. ער האָט זיך נוהג געווען אַז ער פלעגט זיינע אַרטיקלען קיין מאָל ניט איבעראַרבעטן, ניט איבערגעקוקט דעם כתב־יד און קיין מאָל ניט געמעקט קיין זאַצן. זיינע אַרטיקלען פלעגט ער איבערשיקן אין די רעדאַקציעס אַזוי ווי ער האָט זיי געשריבן צום ערשטן מאָל. ער פלעגט שטענדיק זאָגן מיט אַ שמייכל, אַז „ס׳איז שווער אָנצושרייבן דעם ערשטן זאַץ נאָכער גייט עס שוין גלאַט, ווי פון זיך״... געשריבן האָט ער בעיקר אויף פּאָליטישע טע־מעס, אָבער מ׳פלעגט ביי אים באַשטעלן אויך אַרטיקלען און אַרבעטן וועגן אַסטראָנאָמיע.

פאַר דער מלחמה האָט ער רעדאַגירט אין יידיש אַ פּאָפּולערע אָוונט־צייטונג „אָוונטבלאַט״. אויף די שפּאַלטן פון דער דאָזיקער צייטונג האָט ער בעיקר אויסגעדריקט זיינע לינקע אָנשויאונגען (אין וועלכע ער האָט אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט זיך שטאַרק אַנטוישט).

דאָס איז געווען אַ ביז גאָר באַליבטע צייטונג מיט אַ גרויסן טיראַזש, מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן קרייז פון לייענער. ער איז געווען אַ באַגאַבטער געניטער רעדאַקטאָר, געוווּסט וואָס דער לייענער דאַרף און וויל לייענען אין דער צייטונג. (צווישן דעם ערנסטן מאַטעריאַל האָט ער אויך „אַריינ־גערוקט״ אַ ראָמאַן „באַשקע״ וואָס האָט צוגעצויגן דעם פּשוטן,האַרע־פּאַשנעם לייענער). שפּעטער האָט ער געאַרבעט אין „פּאָלקס־בלאַט״ אַלס זשורנאַליסט און געוואָרן איר רעדאַקטאָר.

זיינע גליקלעכסטע יאָרן פון טרוימען און גלויבן אין דער אידיי פון גלייכהייט און פרייהייט האָט ער געווידמעט די צוויי צייטונגען. נאָך דער מלחמה האָט ער זיך נאָך מער ספּעציאַליזירט אַלס זשורנאַליסט. אַלס

שרייבער און זשורנאַליסט האָט ער געזוכט שוין מער די פאָרם סטיל און אינהאַלט. לייבעס אַרטיקלען זיינען געווען שיין, אינטערעסאַנט און אינ־האַלטסרייך און צוגלייך אויך פשוט צו פאַרשטיין, פונקט אַזוי ווי זיינע לעקציעס אויף פּאָליטישע טעמעס.

אין אַסטראָנאָמיע איז ער ממש געווען אַ פענאָמען, זייער בקי אין די יסודות פון דער דאַזיקער לערע. ער פלעגט שרייבן בעיקר לויט די באַשטעלונגען פאַרן אוניווערסיטעט און זיינע אַרטיקלען אויף דער דאָזי־קער טעמע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט טיפן אַנאַליז און וויסן.

ער פלעגט אויף אַ פשוט, צוגענגלעכן, אָבער וויסנשאַפטלעכן אופן באַשרייבן די גאַלאַקטיקעס, ווייטע פּלאַנעטן און שטערן ווי אַזוי זיי ווערן געבוירן און ווי אַזוי מען מעסט אויס די ווייטקייט צו זיי מיט ליכט־יאָרן.

אונדזערע 3 קינדער, 2 זין און די עלטסטע טאָכטער רות פלעגן אַלס קינדער הערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיינע וווּנדערבאַרע מעשהלעך וועגן די ווייטע, ווייטע פּלאַנעטן...

לייבען האָט מען שטענדיק געקענט זען ביי אַ בוך מיט אַ פען אין האַנט. שטענדיק פלעגט ער ביים לייענען מאַכן פאַרצייכונגען. אַלס אַזאַ האָב איך אים איין מאָל אַנגעמאָלן. (דאָס האָט ער מיך געשיקט לערנען פאַרפולקאָמען זיך אַלס צייכנערין שוין זייענדיק אַ מוטער פון 3 קליינע קינדער).

פען און בוך — דאָס זיינען געווען זיינע 2 וויכטיקסטע „געווער־טיילן". מיט זיי האָט ער וווּנדער באַוויזן. (בשעת זיין דינסט אין דער ליטווישער אַרמיי, פאַר סמעטאָנאָס צייטן, האָט אים אַ מאָל אַ פעלד־פעבעל, וועלנדיק אים קאָמפּראָמענטירן, אַז ער איז אַ שלעכטער סאָל־דאַט, האָט ער צו אים אַ זאָג געטאָן: „דו האַלטסט אַ ביקס, ווי דו וואָלסט געהאַלטן אַ פען" !...

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט לייבע אָנגעשריבן אַ ראָמאַן אין ליטוויש „דער טויט פון די דריי קאָמונאַרן". דעם ראָמאַן האָט ער געשריבן אויפן יסוד פון זכרונות פון אַן אַלטן פאַרטיי־מאַן. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אַ ברייטן ראָמאַן פון סמעטאָנע־ליטע, אָבער איידער ער האָט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם ראָמאַן, האָט די צענזור אים געפּסלט צוליב געוויסע טעמים...

שוין האַרט פאַר זיין טויט האָט לייבע שויס אָנגעשריבן די פּיעסע

„זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג". די דאָזיקע פּיעסע איז רעפּעטירט געוואָרן דורכן יידישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל „מיר זיינען דאָ", רעזשיסירט פון באַקאַנטן רעזשיסער לוריע, טאַקע ביי אונדז אין שטוב. די הויפּט־ראָלן האָבן אויסגעפירט שאַרפּשטיין, זיין פרוי זינע און אַנדערע.

שוין אַ פּיזיש קראַנקער און צעבראָכענער, איז לייבע געקומען אויף דער ערשטער פאָרשטעלונג, צו דער פּרעמעריע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין איינע פון די גרעסטע זאַלן פון ווילנע — אין דעם גרויסן זאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

דער אינהאַלט פון דער פּיעסע — דער העלדישער קאַמף פון די אויפשטענדלער אין וואַרשעווער געטאָ. די פּיעסע איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דעם איבערפולטן עולם און איז געווען זייער שיין אַוועקגעשטעלט געוואָרן פון דעם רעזשיסער. אַ פּרעכטיקע דעקאָ־ראַציע און זייער פאַכמעניש, פול מיט עמאָציע איז זי געשפּילט געוואָרן דורך די אַקטיאָרן פון דראַמאַטישן אַנסאַמבל.

די פּיעסע איז געשטעלט געוואָרן אין יאָר 1966, אָדער 1967, (איך געדענק ניט גענוי) און זי איז געשפּילט געוואָרן בלויז איין מאָל, טראָץ דעם גרויסן דערפאָלג...

לייבעס טרוים איז געווען דורכצופירן די פּיעסע אין אויסלאַנד, וויסנ־דיק אַז אין ראַטנפאַרבאַנד האָט די פּיעסע ניט קיין אויסזיכטן געשפּילט צו ווערן, ער האָט געטרוימט איבערגעבן איר צו אידאַ קאַמינסקאַ, אָבער דאָס איז פאַרבליבן בלויז אַ טרוים, ביז ער האָט צוגעמאַכט די אויגן אויף אייביק.

לייבע שויס האָט זייער ליב געהאַט זיין שטעטעלע גאָרזד. זי איז פאַר אים געווען „המעיין ממנו שאבו אחיך" — לויט דעם אויסדריק פון גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער ח. נ. ביאַליק. פון איר — זיין שטעטעלע האָט ער געשעפּט אינספּיראַציע פאַר זיינע שאַפערישע אַרבעטן. זי איז פאַר אים געווען דער קוואַל פון וועלכן ס'האָבן געשעפּט זיינע ברידער כוח צו קענעןביישטיין קעגן פאַרשידענע רדיפות און אויך דער קוואַל פון וועלכן ער האָט געשעפּט אַזוי פיל וווּנדערבאַרע מעשיות און זכרונות פון זיין הערלעכער משפחה, וואָס האָט געשטעקט אין טיפן עבר.

אַזוי האָט ער מיר ניט איינמאָל דערציילט וועגן זיין משפחה־שטאַם,

ווי אַזוי זיין אור־זיידע האָט זיך פאַרוואַלגערט אין גאַרזד נאָך פאַר כמעלניצקיס צייטן בעת די בלוטיקע פאָגראָמען אין די יאָרן ת״ח ות״ט.

גערופן האָט מען זיין אור־זיידע עלדאַד פּאַדקאָווער (אַ סימן ענלעך צו אַ פּאַדקאָווע, וואָס אַ צעיושעטער קאָזאַקישער פערד האָט אים גע־לאָזן אויף זיין פּנים)... לייבע האָט געוווּסט צו דערציילן וועגן אַן אורעלטער זיידן, וועלכער פלעגט אַרומגיין אין שטעטל אין די אונטער־וועש, געווען אַן אויסטערלישער טיפּ, אַ האַרעפּאַשניק, אָבער געהאַט אייגנשאַפטן פון אַ פילאָזאָף. דאָס האָט טאַקע דער אורעלטער זיידע וואָס איז געווען אַ מוליער און האָט געשטעלט אויוונס אין גראַפס „פּאַל״, דעריבער האָט ער געהאַט צו דערציילן וועגן די סודות פונעם גראַפס לעבן אין הויף.

ביי זיין משפחה איז געווען אַ משפחה־בוך, וואָס האָט מיט זיך סימ־באָליזירט אַ בוים מיט פיל אָפּצווייגונגען. יעדער דור פלעגט צו דעם בוים עפּעס דערגענצן... אַזוי ביז צום חורבן.

*

ווי אַ גרויסער בית הקברות האָט גאַרזד אויסגעזען גלייך נאָך דער מלחמה. אַרום און אַרום אַ גלאַטער שטח. בריקלער דאָ און בריקלער דאָרטן צווישן גרינעם שיינעם גראָז...

אַזוי האָב איך זיך באַקאַנט מיט גאַרזד צום ערשטן מאָל. גייענדיק איבער די חרובע געסלעך פון לייבעס געבוירן־שטעטל און זוכנדיק צוזאַ־מען מיט אים דעם איינציקן זכר — דעם גאַנעק פון זיין טאַטנס הויז.

אַ יונגער הויכער מאַן מיט בלאָנדע האָר און מיט ברילן אויף זיינע קורצזיכטיקע אויגן און אַ ווייטער קוק אין דער פאַרגאַנגענהייט — אַזאַ האָט ער זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון...

שושנה אושר

# יודיקאַ די דיכטערין

יודיקאַ איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פרוי מיט פאַרחלומטע אויגן, אַפּטמאָל טיף פאַרטראַכט און אַפּטמאָל מיט אַ ליבן שמייכל אויפן פּנים. אַזוי געדענק איך אונדזער יידישע דיכטערין יודיקאַ.

יודיקאַ האָב איך באַקענט נאָך אַלס קינד, ווען זי האָט פאַר איר עמיגרירן קיין קאַנאַדאַ געלעבט אַ קורצע צייט אין גאָרזד ביי איר שוועסטער בערטאַ פרידהיים. רחל׳ע פרידהיים איז געווען מיין חבר׳טע און איך פלעג זיין ביי זיי אַן אָפטער גאַסט.



יודיקאַ

יודיקאַ האָט דאָן אויף אונדז קינדער געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און מיר פלעגן זוכן יעדע געלעגנהייט צו פאַרברענגען אין איר געזעל־שאַפט. פאַר איר פלימעניצע רחל׳ע האָט זי געבראַכט פון קאָוונע אַ סך קינדער־ביכעלעך און זי פלעגט זיי פאַר אונדז פאַרלייענען.

הערן יודיקאַ׳ס לייענען — דאָס האָט געהייסן זען פאַר די אויגן

לעבעדיקע פערסאָנאַזשן פון ביכער. שבת בין־השמשות, פלעגט זי אונדז דערציילן מעשהלעך... מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, אָפּטמאָל ציטערנדיק פון פחד, פלעגן מיר הערן אירע דערציילונגען וועגן גוטע און שלעכטע פייעס, טייוולאָנים און ציגיינער, וואָס פלעגן פאַרכאַפּן קינדער... נאָר שטענדיק פלעגן אירע דערציילונגען האָבן אַ „גליקלעכן סוף". דאָס גוטע און ליכטיקע פלעגט שטענדיק זיגן... און דאַן פלעגן מיר שוין לייכטער אָפּעטעמען...

זייער אָפט זיינען די ביכלעך דורך איר אינסצעניזירט געוואָרן און מיר זיינען דאַן געווען די פערסאָנאַזשן.

יודיקאַ פלעגט אונדז אָפט לייענען אירע לידער און מיר פלעגן זיי לערנען ממש אויף אויסנווייניק.

יודיקאַ איז געווען אַ לירישע דיכטערן און בלי־ספק אַ פערזענלעכ־קייט מיט וועלכער מיר קענען שטאָלצירן וואָס זי איז אונדזערע אַ גאַרזדער.

ד"ר בן־ציון ענברי־בורשטיין

# בית־הכנסת ובית־המדרש

היה זה איזור קטן בפני עצמו: החצר של בית־הכנסת ובית־המדרש. דרך שלוש סימטאות הגיעו יהודי גורזד אל מקומות הקודש שבעיירה: הסימטה האחת הובילה מצד ככר השוק, השניה מצד ה„געסל" ובשלישית הלכו תושבי הרחוב הארוך, שנקרא טמוזשנה־גאַס.

בית־המדרש שכן בבנין ישן ומכובד, ובו היו מתפללים כל ימות השבוע וכן בשבתות ובחגים. כן היה בית המדרש מרכז ללמוד תורה. בכניסה לתוך הפרוזדור התבלט כיור המים הגדול. מכאן הובילה כניסה לחדר גדול שנקרא ה„שטיבל", בו היו מקיימים מנין נפרד בעת הצורך. זוכר אני את הארון שב„שטיבל", שהחזיק בתוכו את הספרי־תורה׳לער; אלה היו מגילות־קלף דוגמת ספרי־תורה והכילו את ספרי הנביאים, ומתוכם היו קוראים בשבתות את ההפטרה. אותנו הילדים היו מכבדים לשאת את ספרי־תורה׳לער אלה בהקפות של שמחת־תורה.

מהפרוזדור היו עולים במדרגות אחדות שהובילו לתוך בית המדרש. משני צדי הכניסה הזדקרו שני התנורים הגדולים, כאילו הבליטו את חשיבותם הרבה בעונת החורף הארוכה. על יד התנורים עמדו שולחנות ארוכים ומשני צדיהם ספסלי עץ, עליהם מצאו לפעמים עוברי־אורח עניים מנוחת לילה.

בצדו הימני של אולם בית־המדרש עמד שולחן ארוך ועל ידו ספסלים ארוכים. כאן ישבו הלמדנים של גורזד שעות רבות בבוקר ובערב. כאן למדו את הדף היומי בגמרא ואת פרקי המשניות; כאן התקיים השיעור הקבוע בהלכה שקראו לו „שעור למגיני־ארץ", וזאת על פי הספר „מגיני־ארץ", שמתוכו למדו וכן מתוך ספרי הלכה אחרים. על גבי הקיר, שעל ידו ישבו הלומדים, התנוססו לוחות־זכרון שהכילו את שמותיהם של למדנים ותאריכי פטירתם. ובימי הזכרון היה מגיד השעור, בגמר הלימוד אומר קדיש אחריהם.

בצדו השמאלי של אולם בית־המדרש ישבו מסביב לשולחן ארוך אומרי תהלים, שהתאספו בכל שבת בין מנחה ומעריב ואמרו פרקי תהלים



„תפארת בחורים" בגורזד במסיבת חנוכה

פסוק פסוק בהדרכתו של ראש חברת-תהלים ובניגון לבבי וערב לאוזן.

בית-המדרש היה מרכז החיים של בני העיירה. בהתאסף הציבור לתפילה היו המקדימים לפני התפילה דנים ומתווכחים בבעיות הציבור ובשאלות פוליטיות. ובלהט הויכוח היו אחדים מהם ממשיכים בויכוחים גם בשעת התפילה ואחריה.

בבית-המדרש נערכו גם אסיפות-עם. נזכר אני באסיפה רבת משתתפים לזכרו של הרצל ז"ל. הנואם הראשי באזכרה זאת היה הרופא ד"ר אוקסמן. הוא העריך בדברים חמים את מפעלו הציוני של המנהיג הדגול. כן היו מופיעים בבית-המדרש בדרשותיהם המגידים, שהיו עוברים מעיר לעיר. זוכר אני את דרשותיו הנלבבות של המגיד זיס, שהיה ידוע בכינויו „מיינע טייערע", כי במילים אלה היה פונה אל קהל שומעיו פעמים רבות בתוך דרשתו. מגיד זה הצטיין בחיבור חרוזים והיה מקשט בהם את דרשותיו.

אחד החרוזים היה:

„אַלע ביינק שאַפן קריינק
און שפּילן באַנקראָט,
דער בית־מדרש־באַנק — געדיינק!
זיין באַנקיר איז גאָט".

בשעת הדחק, כשעמדה על הפרק שאלה ציבורית בוערת, שטרם מצאה את פתרונה ע"י ראשי הקהל, היו הנוגעים בדבר מונעים את הוצאת ספר התורה מארון הקודש ומעכבים בזה את הקריאה בפרשת השבת. ובעלי מרץ אלה לא היו זזים ממקומם, עד שראשי הקהל נאלצו להתחייב לפתור את הבעיה הדחופה מיד למחרת השבת.

עזרת־הנשים היתה ביציע העליון, ומחיצת־עץ בעלת אשנבים עגולים הפרידה בין גברים ונשים. כניסה נפרדת הובילה מהחצר אל מדרגות, בהן הן היו עולות אל עזרת־נשים. מעל לקומה זאת היתה העליה, ובה נקבע מקום הגניזה של ספרי קודש, שנקרעו ברבות הזמן והיו מונחים שם עד שהובאו לקבורה.

בית־הכנסת נשא אופי שונה לגמרי. זה היה בנין חדש ויחסית מפואר. בבית־הכנסת היו מתפללים רק בשבתות ובחגים ורק בחדשי הקיץ; כי תנורים לא נבנו בתוכו, ובחורף היה שם קר מאד. בבית־הכנסת עבר החזן לפני התיבה ולעיתים בלווית מקהלה. רק במקרים מיוחדים קיימו אסיפה בבנין בית־הכנסת. זוכר אני אסיפת־עם כזאת לכבוד נשיאה של מדינת־ליטא, אַנטאַנאַס סמעטאָנאַס, שבסיורו בכל ליטא ביקר גם בגורזד. תלמידי בית־הספר העברי ניצבו בשתי שורות, והנשיא ופמליתו עברו ביניהן ונכנסו לבית־הכנסת. אחד מראשי הקהילה נשא נאום־ברכה בעברית והד"ר איגלשטיין תירגם לליטאית.

בקרבת שני בתי התפילה עמד בית־הרב, בית־עץ ארוך ורחב מידות. זוכר אני את שנות כהונתו של הרב שבתי שפירא זצ"ל ואת חדר לימודו עמוס הספרים, בו היה מקבל אנשים. בביתו של הרב היו מתכנסים לפעמים פרנסי הקהילה ומטכסים עצה בעניני הציבור.

רחבה זאת של שלושת הבנינים, בית־הכנסת, בית־המדרש ובית הרב, היתה איפוא מרכז החיים הרוחניים של יהודי גורזד.

**אבא זוסמנוביץ**

## מעשה נורא בשעת התפילה

**על מחלוקת ותגרה קשה בבית-המדרש**

היה זה בשבת בראשית. זלמן הירשע-זאַנעס, שהיה רוכל בכפרים ומוכר עורות לכפריים, רצה להיות בעל-תפילה באותה שבת. הוא ניגש לעמוד והתחיל להתפלל. היושבים בספסלי המזרח התפלאו על העזות הזאת, שזלמן ניגש לעמוד בלי רשות. הם התנגדו לזאת בכל תוקף ודרשו, שירד ויתן לבעל תפילה אחר לגשת ולהתפלל לפני העמוד לכבוד שבת בראשית. זלמן לא ויתר, ובבית התפילה קמה מהומה גדולה. רבים עמדו לצד זלמן, עלו על הבמה ודרשו, שזלמן ימשיך ויתפלל לפני העמוד. הם זרקו שטנדרים לעבר יהודי המזרח, וכשאלה רצו לצאת מבית המדרש, נעלו חבריו של זלמן את הדלתות. בבית התפילה התפתחה תגרה רצינית, ורבים נפצעו.

מקרה נורא זה שמור בזכרוני.

*

## מ ה ו ו י  ה ע י י ר ה

ביום גשם אחד ראו את זלמן הירשע-זאַנעס לובש שק מעל ראשו. ועל זאת אמרו הבריות בגורזד: „זלמן האָט זיך אָנגעטאָן אַ מעשה״. („מעשה״ בליטאית המדוברת פירושו שק; „אָנגעטאָן אַ מעשה״ משמעותו: שלח יד בנפשו ח״ו).

**גיטה ויינברג לבית זוסמנוביץ,** הרצליה

משה כ"ץ

# בית־המדרש בחיי הקהילה

זכרונותי מהעיירה היפה גורזד, הם זכרונות ילדות וכן הזכרונות מבית המדרש.

בית המדרש בגורזד, צורתו היתה ריבוע וגגו משופע קמעה, עשוי מרעפי עץ. הכניסה מהרחוב היתה מצד דרום דרך פרוזדור רחב ידיים, יחסית, ובצדו האחר, הצפוני, שכן ה„שטיבל". דלת הכניסה אל בית המדרש היתה מצד מערב וממול במזרח, ארון הקודש. הבימה עמדה באמצע האולם. מימין היה תלוי „כיור" נחושת פשוט ומתחתיו עמדה קערה שאספו המים מנטילת הידיים.

מקרקעית הכיור השתפלה זרבובית אשר בלחיצה קלה כלפי מעלה, פרץ קילוח דק של מים לנטילת ידיים. משני צדי הדלת היו בנויים שני תנורים מקושטים באריחים צבעוניים־כחולים. סמוך להם ניצבו שולחנות וספסלים וסיבבם ישבו אנשי „חברה תהלים" בעיקר. קופסאות צדקה למיניהם היו תלויים בירכתי בית המדרש. קופת רבי מאיר בעל הנס, לינת הצדק, ביקור חולים וכו'. צבע קירות בית המדרש היה אפרפר כהה קודר מעט, אך יהודי גורזד, היו עליזים מטבעם ורוח חיים נישאה בחלל בית המדרש.

ליד כותל המזרח תפסו את מקומם ה„בעלי בתים" אשר ידם השיגה לקנות „עיר" במקום מכובד זה, או יהודים בעלי תורה שהבולט ביניהם בעת ההיא היה הרב ר' שפסל שפירא. מאחוריהם תפסו את מקומם יהודים מהמעמד „הבינוני" — ובירכתיים ה„עמך". אבל מבחינה החב־רתית והיחסים ההדדיים, לא ניכר היה שום חיץ ביניהם. אחרי אמירת הקדושה של חזרת הש"ץ או בעת קריאת התורה, היו יהודים מכותל המזרח „יורדים" לירכתי בית המדרש או לפרוזדור ומתערבבים בקהל לשיחות חולין בעניני מסחר ומשפחה אשר לא אחת אף הפריעו לקריאת התורה. כמה דמויות מבית המדרש, נחרתו במיוחד בזכרוני. אחד מהם אשר ישב מול ה„עיר" שלנו בבית המדרש, בקרבת ארון הקודש, היה יהודי גבה קומה בעל זקן עבות וארוך ואדמוני כשלהבת אש לוהטת ירד על פי מידותיו. ה„אמן", היה מרעיד את בית המדרש כאילו היה בר־

סמכא לתת הסכמות בשם כל הקהל לכל מה שנאמר ע״י הש״ץ — ואמנם ברצון או שלא מרצון, כל הקהל השלים עם ה„אא־מממן״ של משה לייזר איציקס, הוא היה יהודי יקר אשר תרם לאוירה של בית המדרש ולחיי העיירה בכלל בהקדישו מזמנו לצדקה ול„מתן בסתר״ לנצרכים.

לא רק לתפילות הקבועות היו באים לבית המדרש, אלא היו יהודים שניצלו כל הזדמנות כדי „„לחטוף״ קדושה או לזכות ב„ברכו״ כדי לאמר אמן.

לאוירת בית המדרש תרמו בעלי הקריאה המצויינים אשר קריאתם בתורה, ידיעתם כל תו ותג וכל טעם מטעימי המקרא, וקולם הערב לאוזן התנגן כעין נעימה ורננה, לא רק בקריאה לפני הקהל. אלו היו שמואל בנצי ויוסל פיירעס, פורת). לא תמיד, היה הקהל מרוצה מחלוקת ה„עליות״ ע״י הגבאי, והיה דין ודברים האומנם בצדק זכה פלוני ב„שלישי״ או ב„מפטיר״. ולא תמיד „מחלוקת לשם שמים״ זו הסתיימה בפשרה... מפני שגם בענינים שבקודש היו יהודי גורזד רגישים לצדק.

אחרי התפילה של שבת וחג, היו המתפללים, בעיקר אלה שישבו סמוך אל ארון הקודש, עוברים ליד הרב ומברכים אותו ב„שבת שלום״. גם הילדים, היו מברכים את הרב ב„שבת שלום״ און ב„חג שמח״. והרב היה בסבר פנים ובטוב לב מזכה „בצביטה״ קלה את לחיו של הילד אשר חש סיפוק רב. הרב היה ממתין עד שכל הקהל התפז׳ר אל ביתו ורק אח״כ היה בסבר פנים ובטוב לב מזכה „בצביטה״ קלה את לחיו של הילד אשר לדוכן כדי לברך את הקהל. עוד טרם יסיים החזן את חזרת הש״ץ של „שמונה עשרה״, היו הכהנים עוזבים מקומותיהם, פוסעים לעבר הדלת, חולצים מנעליהם והלויים היו אוחזים בנטילה מיוחדת רבת ידיות ויוצקים מים על ידי הכהנים טרם יעלו על הדוכן. בעת ברכת הכהנים, היו חוזרים אחרי הש״ץ וקולו של המורה לאם, היה הקול „המוביל״. בהפסקות בין הברכות, היו הכהנים מנעימים לקהל בנעימת ביניים עריבה. בירידתם מהדוכן, היה הקהל מודה לכהנים ב„יישר כח״ רחב על ברכותיהם והכהנים היו עונים „ברוכים תהיו״. ברכת הכהנים השרתה מעמד חגיגי מיוחד בבית המדרש. מעמד חגיגי רציני מתרונן, מעניק תקוות לעתיד. ומעמד שונה מזה, שרישומו היה עז, חגיגי־נוגה, היה מעמד ה„י־כור״

בשמיני־עצרת. אוירה של קדושה של „דחילו ורחימו" היה שורר בעת תפילת ה„יזכור" וקולות בכי היו נשמעים ודמעות הרבה נראו במעמד זה.

ליל שמחת תורה, היה כולו ששון ושמחה עת יוסל השוחט, יוסל פיירעס (פורת) היה מנצח על טקס קריאת פסוקי „אתה הראית" ובתוך כך היה מתרים את הקוראים בתרומות נכבדות לכל מיני קערות, גם לקרן הקיימת.

נו, ואיצע לייבעלע, בקולו הערב והעליז תרם לאוירת בית המדרש כאשר היה עולה על שולחן ורוקד עם ספר תורה ביד. וכאשר חברת ש"ס או חברת „משניות" היו עורכים סיום כל הש"ס היו חיי הקהילה נהפכים לחג. זו היתה שמחה שדמתה בדבקותה ובעליזותה לשמחת תורה, ואולי אף עלתה עליה, כי בשמחת תורה היו אמנם רוקדים ושרים בבית המדרש.



יוסי אליה השמש

אבל סעודת החג סעד כל אחד בביתו. ואילו בסיום הש״ס, העיירה כולה היתה חוגגת בבית המדרש.

ומי יתאר את ההילולא של חברה קדישא וחברה תהלים שנערכה אחת לשנה. שתי חברות אלו, לא היו עורכות את החג שלהם בבית המדרש, אלא ב„שטיבל״. לא מפני שלא היו מכובדים דיים, אלא משום שכל הוויתם ואורחותיהם הצנועים, תאמו יותר את אוירת ה„שטיבל״. חגיגות אלו היו פתוחות לכל דכפין ולכל דצריך ונשי העיירה היו עוסקות בהכנות של בישול, הדלקת הנרות ופרישת המפות — וכמובן, אוסף השיריים ורחיצת הכלים. שיירי הסעודה הראויים, היו מחלקים בין העניים. (והיו כאלה גם בגורזד) כאשר הזדמן, „מגיד״ בעיירה, נהרו צעיר וזקן לבית המדרש לשמוע דברי ה„מגיד״. וכך היה, כשהזדמן חזן אורח לעיירה, שהרי איזה יהודי מגורזד לא היה „מבין״ בחזנות? את התשלום למגיד או לחזן, היה הקהל משלשל ב„קערה״ עם צאתו מבית המדרש, אחד מרבה והשני ממעיט ולא היתה ברירה למגיד או לחזן אלא להסתפק בתוכן אשר בקערה. אך אורח אם הזמין את עצמו לשבת, ולאחר שקיבל אישור מגבאי בית המדרש לעבור לפני התיבה או לעלות לדוכן ולדרוש בפני הקהל, היה השמש של בית המדרש בלווית יהודי אחר עוברים למחרתו, על פתחי יהודי העיירה וגובים תשלום בעד כלי הקודש ששמשו בבית המדרש בשבת. בין אם שמעו את החזן או לא שמעו, היה איש איש תורם את „חלקו״ במצווה. על כל פנים, חזן או מגיד, כאשר הזדמנו לעיירה, היתה מורגשת תכונה בחיי הקהילה. אבל מגיד או חזן אשר לא סיפקו את ציפיותיו של הקהל, היה זוכה בתגובה מתאימה. שלא תמיד ראתה את מידות שמירת כבודו של האורח. ואולי היתה התגובה צודקת, שכן לעתים התחזה יהודי כחזן כאשר בינו לבין חזנות היתה פעורה תהום רבה ויהודי גורזד לא הסכימו למצווה הבאה בעבירה...

חתונה בעיירה, אם לא בבית המדרש, הרי התקיימה בחצר כאשר החופה נערכה בה ברוב פאר ללא כל הפלייה. ואילו הילדים הקונדסים היו אוספים חרולים ומשליכים בקהל כדי שיידבקו בזקן, בבגד או בעיקר בהינומה של הכלה. בחצר שכנו בית המדרש, בית הכנסת וה„שול״ ובית הרב. באמצע החצר היתה קבועה משאבת מים ציבורית לצורכי הקהילה. מחצר בית המדרש הובילה יציאה אל כיכר השוק.

הדמויות מבית המדרש שאני זוכר, הן דמויותיהם של אלה אשר

התפללו בקרבת „העיר" שם היה אבי מתפלל ואני לצידו. אני זוכר דמויות אלו משום שהתבלטו בין הקהל — ואולי משום שגילו לי חיבה מיוחדת בהיותי יתום מאמי והם היו קרובי משפחה. אבל הם היו אנשים בולטים בבית המדרש וגם בחיי הקהילה. כמו משפחות, אליהו משה וולפוביץ, אשר מקומו היה ליד הרב ממול מקום שלנו בבית המדרש ואשר כעס מאוד אם מישהו הפריע לקריאת התורה. והיו דוד ושמואל וולפוביץ, אשר הטביעו חותמם בתחומי חיים שונים בעיירה ובבית־המדרש.

כאמור, בית המדרש שימש לא רק מקום תפילה ותורה, אלא מקום מפגש חברתי חשוב ביותר לכל הגילים ולכל השכבות, ובשיחות חולין, בעת קריאת התורה לובנו כל הבעיות אשר עמדו ברומו של עולם וכן עניני הפרנסה והמסחר וגם נושאים חברתיים ו„עשיית חשבון" עם הגבאי על קיפוח או הגזמה בחלוקת „העליות". אמנם החיים התנהלו במשפחות, בבתים, אך „חיי היחד" של הקהילה, היו בבית המדרש. כאן, באו לידי ביטוי היחסים החברתיים ההדדיים יותר אפילו מאשר ברחוב או בשוק.

אוירת בית המדרש הצטיירה לי בילדותי וכזאת חרותה בליבי עד היום, כאוירה של פעילות אינטנסיבית בכל תחומי החיים ובו, בבית המדרש, „נחתכו" ענינים שבקדושה וענינים שבחולין. הקהילה של גורזד טבועה בליבי ברגש של אהבה וגעגועים עד היום הזה.

**יהודית לשם**

# מיין שטעטעלע גאָרזד צום אייביקן זיכרון

ווען עס קלינגט אָפּ אין מיר מיט אומענדלעכן טרויער דער נאָמען פון מיין טייער שטעטעלע גאָרזד, ווען אָט דער הייליקער נאָמען זינקט אַראָפּ אין מיין נשמה מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, מיט אַזוי פיל ליבע און נאָסטאַלגיע צו דעם אָרט, ווו מיין וויגל איז געשטאַנען, זע איך דיר מיין טייער פאַרשניטענע שטעטעלע. איך זע דיר צוזאַמען מיט דיינע יידן, איך זע די סביבה ווו מיר האָבן געלעבט און געוועבט אונדזערע יוגנט־טרוימען. עס טויכן אויף אין מיין זיכרון טיפן, געשטאַלטן, סצענעס,



יהודית לשם בעת ביקורה בדרום־אפריקה אצל יוצאי גורזד בשנת 1948

בילדער, פראַגמענטן. אָבער ווער איז דאָס איצט אימשטאַנד אַלץ אַרויס־צוברענגען און אַלץ צו באַשרייבן.

אָרעם זיינען די אויסדריקן און שוואַך איז די פען צו שילדערן די געפילן און זיכרונות, וואָס בעטן זיך מ׳זאָל זיי פאַרשרייבן, פאַרצייכענען לדורות. ווייל ווער אויב נישט מיר — די לעצטע איבערגעבליבענע פאַר צענדליק גאַרזדער אין ישראל און אין דער וועלט וועלן דאָס טאָן?

*

ווי פון אַ ווייטן, אָבער דאָך נאָענטן עבר, וויל איך אַרויסברענגען דיין הייליקן נאָמען מיין טייערע שטעטעלע און שטעלן דיר אַ ווירדיקע מצבה.

אָט זע איך דיר מיין היימשטעטעלע פאַר מיינע פאַרטרערטע אויגן, אַזוי ווי איך געדענק דיך, און ווען איך שרייב די דאָזיקע יזכור־שורות, שוועבסטו ווידער אויף אין מיין זיכרון אַזוי ווי דו ביסט געווען אַמאָל פאַרן חורבן.

טייער, זייער טייער זיינען מיר דיינע קליינע און שמאָלע געסעלעך אין וועלכע ס׳זיינען געגאַנגען אונדזערע גאַרזדער יידן: טייער זיינען מיר דיינע שבתים, יום־טובים און דיינע אַנדערוואָכנס און אַלץ אין דיר, וואָס האָט געאָטעמט מיט וואַרעמקייט, היימישקייט, מיט געראַנגל און קדושה. אַלץ וואָס איז אַזוי ברוטאַל אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער רשעים־האַנט אויף אייביק און אַלץ וואָס די דאָזיקע מערדער־האַנט האָט אויסגעוואָרצלט פון דיר, עס זאָל קיין זכר נישט בלייבן.

דאָס אַלץ טרעט נישט אָפּ פון מיינע אויגן און הערט נישט אויף צו האַלטן אין אומבאַשרייבלעכן קלעם מיין נשמה. איך זע אייך אַלעמען, פאַרשווונדענע הייליקע געשטאַלטן, וואָס זיינען אונדז אַלעמען געווען אַזוי ליב און טייער.

אַ פולבלוטיק יידיש לעבן האָט געפלאַסן אין דיינע בתי־מדרשים און אינסטיטוציעס. אַ גאַנצע וועלט מיט פאַסירונגען זיינען געווען אין דיינע הילצערנע הייזלעך. אַ לעבן מיט נויט און געראַנגלען, אָבער אויך מיט שטילע פריידן.

פאַרברייך, טומלדיק און לאַנגזאַם האָט זיך געשלענגלט דאָס לעבן אין אונדזער שטעטעלע און איצט איז פון דעם אַלעם אַן עמק־הבכא

פאַרבליבן. אַוועק אין דער אייביקייט ביסטו גאָרזד, און פאַרשוווּנדן איז אַלץ וואָס האָט געלעבט און געשאַפן אין משך פון דורות.

טרויעריק שטעטעלע אונדזערס, חרוב ונחרב ביסטו איצט. אויף דיינע שטיינער טרעט נישט מער קיין יידישע פוס. אַלץ איז אָפּגעמעקט געוואָרן און איז פאַרטיליקט געוואָרן אין אַש און אין פלאַם.

מורמלען איצט מיינע ליפּן דעם קדיש נאָך דיר, וואָס ביסט ווי אַ שטילע טויב דערוואָרגן געוואָרן פון די נאַצישע רוצחים און זייערע ליטווישע מיטהעלפערס.

זאָלן מיינע אָרעמע שורות דינען ווי אַ קראַנץ בלומען אויף דעם מאַסן־קבר פון אונדזערע הייליקע קדושים פון גאָרזד.



בבית העלמין — בין שתי המלחמות

# ר׳ פייוול מעלאַמעד

אין אונדזער שטעטעלע גאָרזד, אַזוי ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, זיינען געווען פיינע און זייער אינטערעסאַנטע געשטאַלטן. געוויס וועלן זיי געשילדערט ווערן פון אייניקע אָפּשטאַמיקע פון גאָרזד אין אונדזער יזכור־בוך און קיין אינטערעסאַנטע טיפּן און פּערזענלעכ־קייטן האָבן דאָך אין אונדזער שטעטעלע ניט געפעלט...

איינער פון די זייער קאָלירפולע און בולטע פּערזענלעכקייטן ביי אונדז אין גאָרזד איז געווען פייוול מעלאַמעד, וועלכער איז ביי מיר טיף איינגעקריצט געוואָרן אין מיין זכרון און ביי יעדער געלעגנהייט, ווען איך דערמאָן זיך וועגן אונדזער שטעטעלע גאָרזד, טויכט אויף זיין געשטאַלט אין מיין זיכרון.

פייוול מעלאַמעד איז געווען אַ מענטש מיט אַ ריינעם געוויסן, אַ צדיק, אין פולן זין פון דעם באַגריף וואָס הייסט צדיק. ער איז געווען אַ באַוווסטער גוזעלשאַפטלעכער וווילטעטיקער עסקן אין דער יידישער קהילה. אַ ייד, אַ תלמיד־חכם, באַליבט און באַגלויבט ביי אַלעמען, וועלכע האָבן אים געקענט, און ווער האָט אים ניט געקענט? אַ מענטש מיט אַ קריסטאַל־ריינער נשמה און מיט אַ גוטער וואַרעמער האַרץ צו אַלעמען. אַלע האָבן צו אים געהאַט גרויס צוטרוי און ער איז געווען באַגלויבט ביי אַלע שיכטן פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג.

פייוול מעלאַמעד איז ניט געווען קיין רייכער מאַן. ער האָט געפירט אַ קליינע קרעמל פון אַפּטייק־אַרטיקלען. ס׳דערמאָנט זיך מיר ווי ער פלעגט זייער פּינקטלעך וועגן אויף אַ קליינער מיניאַטור־וואָג, וועלכע איז געווען ספּעציעל צוגעפּאַסט נאָר פאַר אַפּטייק צוועקן. דאָס פלעגט ער וועגן מיט אַ ספּעציעלער פּרעציזקייט די מעדיצינישע תרופות פאַר די פּאַציענטן, וואָס אַ דאָקטאָר פלעגט צושרייבן פאַר אַ קראַנקן.

טראָץ דעם, וואָס פייוול מעלאַמעד איז ניט געווען קיין פאַרמעג־לעכער מענטש און זייער ווייט צו זיין אַ גביר, האָט ער דאָך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט צו געבן אַ נויטבאַדערפטיקן יידן אַ הלוואה אַ פּאָר רובל, און אין שטעטל האָט מען שוין געוווסט, אַז אויב ווער עס נויטיקט זיך

אין אַ הלוואה, קען מען איר באַקומען אַן שוועריקייטן ביי פייוולען. פייוול האָט ניט אויסגעפרעגט קיין סך שאלות ביי דעם יידן, ווען און ווי אַזוי ער וועט צוריקקערן די הלוואה. ער האָט געהאַט צוטרוי צו יעדן, פונקט אַזוי ווי אַלע האָבן געהאַט צוטרוי צו אים און יעדערער וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ נויט, האָט שוין געפונען אַ וועג צו פייוולס האַרץ...

פייוול מעלאַמעד האָט געהאַט אַ ווונדערבאַרע פאַמיליע. זיין פרוי רישע איז אַזוי ווי ער, געווען אַ צדקנית — אַ פרוי מיט אַ גוטער האַרץ גרייט אַלעמען צו העלפן. און פונקט ווי איר מאַן פייוול, אַזוי איז זי אויך געווען שטענדיק פאַרטאָן אין איר הויז־ווירטשאַפט און צוגעהאָלפן פייוולען אין קרעמל. זי איז געווען אַן אשת־חיל, אַ באַוועגלעכע אַ רירעוודיקע, שטענדיק פאַרטאָן, אָבער אין דער פרייער צייט, האָט מען איר קענט זען זיצן שטענדיק ביים פענצטער מיטן „קרבן־מנחה" אין האַנט און מיט אַ ניגון פלעגט זי „זאָגן" פון בוך און זעלבסטפאַרשטענדלער, אַז קיינמאָל האָט זי ניט פערפעלט אַ דאוונען...

ביי זיי אין הויז איז געווען 5 זין און 2 טעכטער.ליידער איז בלויז איין זון יצחק געבליבן לעבן פון דער גאַנצער משפחה און ער געפינט זיך איצט אין שיקאַגאָ, באַקאַנט אַלס ד"ר־ראַבינער. איך דערמאָן זיך אַן דעם טייערן איידלמאַן מיכה, מיין חבר פון די יוגנט־יאָרן. מיכה איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער אַקטיווער טוער אין שטעטל. איך געדענק ווי אַזוי ער האָט מיר געהאָלפן בעת דער הילפס־אַקציע פאַר די פוילישע צוואַנגס־אַרבעטער אין דאָרף וויזייץ, וועלכע די דייטשן האָבן גענומען אין געפאַנגענשאַפט אין 1917־טן יאָר. די דייטשן האָבן דאָן געהאַלטן אין געפענגעניש־לאַגער אַ 400 מענטשן אין זייער שווערע אוממענטשלעכע באַדינגונגען.

ווען פייוול מעלאַמעד דערמאָן איך זיך אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ געוויסער איבערלעבונג אין מיינע יוגנט־יאָרן, ווען איך בין געווען אַ יונג מיידל פילייכט אין עלטער פון 16 יאָר. אין גאָרזד איז געווען אַ וווילטעטיקע פרייוויליקע אינסטיטוציע וואָס האָט געהייסן „לינת־הצדק". די אויפגאַבע און פליכטן פון „לינת־הצדק" איז געווען צו העלפן קראַנקע מענטשן, געבן זיי מאַראַלישע און פראַקטישע הילף און דער עיקר האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין זיצן אַ נאַכט ביי אַ קראַנקן מענטשן, צוטראָגן אים צו

דער צייט די רפואות, העלפן אים זיך אָנידערזעצן, ווען דאָס האָט זיך געפאָדערט און אַנדערע הילף. דאָס איז געווען אַ ווייכטיקער צדקה־אַנשטאַלט, וואָס האָט אויך געזאָרגט צו ברענגען אַ דאָקטאָר פאַר אַ נויטבאַדאַרפטיקן, העלפן דעם קראַנקן מיט רפואות, אויב ער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיי אויסקויפן אין אַפטייק. א. אַ. וו.

אַזעלכע אַנשטאַלטן זיינען געווען זייער אַ סך אין די ליטווישע יידישע שטעט און שטעטלעך. כ׳דערמאָן זיך אַ פאַל, אַז איינמאָל ווען איך בין געגאַנגען אין גאַס שבת פרי 5 אַזייגער, ווען איך האָב גענעכטיקט ביי אַ קראַנקער מיידל פון שטעטל, האָב איך פלוצלינג באַגעגנט פייוול מע־לאַמעד גיין אין גאַס. אין דרויסן איז דאַן געווען קאַלט און פינצטער (אין יענער צייט זיינען נאָך די גאַסן אין גאָרזד ניט געווען באַלויכטן און ניט ברוקירט), איך גיי אַזוי פאַרטראַכט אין דער פינצטער צוריק־קערנדיק זיך אַהיים פון מיין נאַכטיקער דיזשור, האָב איך זיך פלוצלינג באַגעגנט מיט פייוולען. אין יענע פריע שעהן איז ער שוין געגאַנגען גאַנץ געמיטלעך אין בית־המדרש מתפלל זיין. פייוול איז געווען אַ קורצזיכ־טיקער און ער האָט מיך ניט באַמערקט ,ווען איך בין אַדורך פאַרביי אים. איך האָב אים באַגריסט מיט אַ ברייטן „גוט־שבת". ער האָט באַלד גע־ענטפערט אויף מיין באַגריסונג מיט אַ העפלעכן „גוט־שבת" — „גוט־יאָר" און באַלד אַ פרעג געטאָן: „ווער ביסטו טאָכטערל"? איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין יודיסקע, פעסע־הירשע לייבעס, האָט ער באַלד אַ זאָג געטאָן: — „אוי, מיין קינד, פון וואַנען גייסטו אַזוי פרי"? ווען איך האָב אים געענטפערט אַז איך גיי פון אַ קראַנקער פרוי, ביי וועלכער איך בין אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: — „דאָס איז אַ גרויסע מצווה, איך וועל דיר אָפּפירן אַ היים"...

ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אַזוי נאַטירלעך, מיט אַזאַ וואַרעמקייט פון זיין גוטן האַרץ; אַז ביז איצט איז דאָס ביי מיר פאַרבליבן טיף אין מיין געדעכעניש.

אין אונדזער שטעטעלע גאָרזד האָט ניט געפעלט קיין טייערע גוטע יידן און ווער איז דען ביי אונדז ניט געווען אַ גוטער ייד? יעדערער אויף זיין שטייגער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גוטע מידות און ווער איז דאָס אומשטאַנד זיי אַלע אויסצורעכענען? זיי צו שילדערן? אונדזער

הייליקער חוב און פליכט איז צו שטעלן אַ נר־תמיד, אַ נשמה־ליכטל פאַר זייער הייליקן אָנדענק אין אונדזער יזכור־בוך גאָרזד, דעריבער האָב איך זיך דערלויבט אין דעם פאַל כאָטש מיט אַ פּאָר ווערטער צו הייליקן דעם טייערן אָנדענק פון איינעם אַ טייערן האַרציקן ייד פּייוול מעלאַמעד, וואָס ער איז דער סימבאָל פון די אַלע גוטע יידן פון אונדזער שטעטל, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם אין דער צייט פון דעם בלוטיקן חורבן. זאָל זיין אָנדענק און דער אָנדענק פון אַלע שטעטלדיקע יידן זיין געהייליקט אויף אייביק.

ד״ר הערשעל מאיר

# גאָרזדער געשטאַלטן

די שאלה וועגן „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו״, האָט מיך גענומען מאַטערן שוין פאַר מיין בר־מצוה. געקומען איז עס צו מיר צוזעענדיק דעם טאַטנס ליידן, פלעג איךריידן וועגן דעם מיט אייזקע זוסמאַנאָוויץ. ער איז געווען אַ ביסל עלטער פון מיר, און זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן פילאָסאָף. עס זיינען אָבער צווישן אונדז באַלד אַנטשטאַנען מחיצות, וואָס האָבן אונדז צעטיילט. ער האָט קיין תנ״ך׳ישע אָדער תלמוד׳ישע דער־ציִונג כמעט ניט באַקומען און דערצו איז ער עמאָציאָנעל געווען אַ קאַל־טער. מיך אַריינגעפירט אין רמב״ם׳ס „מורה נבוכים״ האָט יאַנקל גאַמזוי: אַ באַברילטער בחור אין די דרייסיקער יאָרן, מיט רויטלעכע האָר, אַ מילדן פנים, און אויף וועלכן מען האָט געזאָגט, אַז ער איז אין דער סלאָבאָדקער ישיבה פאַררעכנט געוואָרן ווי אַן עילוי. ער האָט שטענדיק גענישטערט אין ספרים און געדאַוונט נעבן אונדזער לאָווקע, קוים באַוועגענדיק זיינע ליפּן. אַחוץ וועגן דער שאלה וועגן „צדיק ורע לו און רשע וטוב לו״, האָב איך מיט יאַנקלען אויך דיסקוטירט די שאלה וועגן „בחירה און ידיעה״. פון יאַנקלען האָט איך אַ סך געלערנט.

דעם אלף־בית, ווי דעם דורכבראָדזשען די בראשית־פרשה פון חומש, האָט מיר אויסגעלערנט יאַנקעלע דער צירולניק: אַ קליין געוווּקסיקער, מאָגערער, שפּיץ־נאָזיקער מענטש, מיט אַ שיטער בערדל, איינגעפאַלענע געלבלעכע באַקן און מיט אַ קול פון אַ וואָרקענדיקע טויב. פאַר מיטאָג איז ער געווען אַ שערער, נאָך מיטאָג אַ דרדקי־מלמד, צוצוגרייטן עטלעכע קינדער פאַרן לערנען אין „חדר״. בעת די ערשטע פאָר שעורים, זיינען אויפן ספר אַרונטערגעפאַלן עטלעכע קאָפּיקעס: „דאָס האָט דיר אַ מלאך אַרונטערגעוואָרפן״, — האָט ער געזאָגט, פאַרן גוט לערנען. ער פלעגט שטענדיק אַריינקומען אין אונדזער שטוב אין גרויס איילעניש און מיך גלייך נעמען „אויפן צימבל״. איידער איך פלעג נאָר באַוויין איבער־זעצן אויף יידיש איין פסוק, האָט ער שוין זיין טייטל געשטופּט אויפן צווייטן. אינצווישן האָב איך געהערט ווי טאַטע־מאַמע ריידן, אַז גיין אין ר׳ גרשון־פייוועס „חדר״ וועט זיין פאַר מיר אוממעגלעך: ערשטנס, ווייל

אַזאַ מזיק וועט ער ניט אַריינגעמען (איך בין געווען אַ ווילדער און פלעג זיך שלאָגן מיט די העלינג־יינגלעך) : און צווייטנס, מחמת זיין הויכן שכר־לימוד...

ר׳ גרשון־פייווע איז געווען אַ הדרת־פּנימדיקער ייד : גראַד ווי אַ סטרונע, מיט אַ שיינע פיר־קאַנטיקע ווייסע באָרד, און מיט אַ גאַנג און אַ באַנעם פון אַ געשולטן אַריסטאָקראַט. אַריינגענומען ווערן אין זיין „חדר״ — וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליין צימערל, אין וועלכן עס זיינען אין אַ ווינקל געשטאַנען דריי פּורפּורנע סאַמעטענע שטולן, אויף וועלכע קיינער האָט זיך קיינמאָל ניט אָנגעלענט — האָבן ווייניק זוכה געווען : ער פלעגט אָננעמען נאָר עטלעכע קינדער, וועלכע ער פלעגט אַפריער גוט בודק זיין. ער איז אויך געווען באַוווּסט מיט דעם וואָס ער האָט קיינמאָל קיין קינד מיט זיין האַנט ניט אָנגערירט. בין איך איינמאָל אין אַ טאָג אַוועק אַליין צו אים, בעטן ער זאָל מיך אַריינגעמען אין זיין „חדר״. ער האָט זיך צו מיר אַרונטערגעבויגן, שווייגנדיק מיך אָנגעקוקט, געפרעגט וואָס איך קען, אַ ביסל מיך פאַרהערט, און אַוועק־געשיקט מיט אַן „איך וועל ריידן מיט דיין טאַטן״. שפּעטער ווען די מאַמע פלעגט וועלן איר „סמבטיון״ אַביסל צוימען, פלעגט זי אויסרופן : (ניט אָן אַ געוויסן שטאָלץ) — „אַ חברה־מאַן, וואָס גייט אַליין, אָן אונדזער וויסן, צו ר׳ גרשון־פייווען״ !

זעענדיק מיט וואָס פאַר אַ התמדה איך וואַרף זיך אויף אַלערליי וויסנשאַפטלעכע ביכער, און אַז איך פּרוּוו זיך אויך דערלערנען ענגליש, האָט דער טאַטע מסכים געווען אויף מיין ניט צוריקפּאַרן קיין פלונגיאַן אָבער בתנאי, אַז איך וועל נעמען אַ שיעור גמרא ביי ר׳ לייפּציג, אַ מופלג פון קעלם, וועלכער האָט דאָן פאַר אַ צייט געוווינט אין גאָרזד. גענומען דעם שיעור האָב איך צוזאַמען מיט איצקע מעלאַמעד, פייוול דעם למדנס יינגל, און ניט אַנדערש ווי מיט די קידושין־מסכתא. איצקע האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן חוש פאַר דאָס קאָמישע : דער אינהאַלט פון שיעור, צוזאַמען מיט ר׳ לייפּציג׳ס געוויסע תמימותדיקע תנועות און העוויות, פלעגן אים באַלד ברענגען אין אַ זיך קראַמפּן צו דערשטיקן זיין געלעכטער. זיך אָנקוקנדיק איינע די אַנדערע פלעגן מיר שויןביידע אַרויספּלאַצן אין ספּאַזמען פון געלעכטער. ניט מיר און ניט ר׳ לייפּציג

האָבן געוווּסט פון וואָס מיר לאַכן — ביז ער האָט אונדז איין טאָג ביידע „משלח״ געווען.

עליע דער שוסטער האָט געוווינט מיט זיין משפחה אין אַ זייטיק געסל אין אַ פּאָר קליינע צימערלעך, ווו ער האָט שטילערהייט געאַרבעט. ביי אַן אָפּגעליאַקעוועט טישל, שטיקלעך לעדער, אַ הינקעדיק בענקל, אַן אָפּגעריבענע צעראַטע, אַ האַמערל, אַ צווייגנגל, אַ דלאָט, אַ פּאָר מעסער־לעך, צוועקלעך און אַנדערע מכשירים. דאָס איז געווען זיין וואַרשטאַט. זיין יונג איידל פּנים, זיינע קלוגע טונקעלע אויגן, זיינען געווען באַ־שטראַלט מיט אַן אינערלעכער ליכטיקייט. ווען ער האָט מיט זיין דינעם שמייכל עמעצן אָנגעקוקט האָט עס זיך אָפּגעדוכט, „אַז ער ווייסט עפּעס וואָס ער זאָגט ניט״.

פון צייט צו צייט פלעג איך אַריינקומען צו אים מיט אַ פּאָר שיך צו פאַרריכטן. באַמערקנדיק איינמאָל אין אַ זייטיקן קאַמערל אַ שאַפּקעלע מיט ביכער, האָט איך אים געפרעגט וואָס ער לייענט. „ניטאָ קיין פיל צייט דערויף״ — האָט ער געענטפערט, אָנווייזנדיק אויף אַ קופּע שיך: — „און דו, האָט ער געפרעגט, לייענסט־שוין ביכער?״ — יאָ, אַ ספר פון רמב״ם, האָב איך באַרימעריש געענטפערט און גענומען ריידן וועגן דעם פּראָבלעם פון „ידיעה און בחירה״. ער האָט אָוועקגעלייגט אַ שטיוול וואָס ער האָט געהאַלטן אין באַזוילן, אַ קראַץ געטאָן זיין פּאָטעלניצע, זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און דאַן אַ זאָג געטאָן: „דו פאַרדרייסט זיך דיין קעפּל מיט פוסטע חקירות. צי גאָט ווייסט, יאָ אָדער ניט, אַז אין מיין שטיבל, דהיינו, וועט אויסברעכן אַ שריפה, ביז איך זיכער, אַז דו, גרשון־יאַנקעס יינגל, וועט ניט זיין דער אונטערצינדער. וואָס מיר טוען, הענגט אָפּ פון אונדזער דערציִונג, געוויסן און שכל. עליע דער שוסטער האָט אויסגעאיבט אויף מיר אַ טיפע ווירקונג.

בערע־וועלווע דער בעקער איז געווען געבענטשט מיט אַן ענציקלאָ־פּעדישן זכרון: ער האָט קיינמאָל קיין זאַך ניט פאַרצייכנט, אָבער געוווּסט גענוי סיי די דאַטעס פון אַלע געבורטן, חתונות און סיי די יאָרצייטן פון אַלעמען אין שטעטל; געוווּסט גענוי יעדנס לעבנס־געשיכטע, איינ־שליסלעך פון זיינע זיידעס און באָבעס. ער האָט געוווּסט אַלץ וואָס האָט פּאַסירט אין שטעטל אין משך פון דורות. און אויב עמעצער האָט עפּעס וועגן דעם זיך געדאַרפט דערוויסן, איז ער געגאַנגען צו בערע־וועלוועזן...

— אַן אביון און געהאַט אַ קראַנק ווייב. געבאַקן ברויט, און חלות אויף שבת אין אַ פּיצעלע פּיצעלע חדר׳ל פון זיין קליין איינגעהויקערטער מיט שטרוי־באַדעקטער שטיבעלע, פון וועלכן ס׳האָט זיך געדוכט, אַז עס שפּאַרט אַרויס אַ פּאַרע. געווייִנלעך געגאַנגען אַביסל איינגעבויגן, אַ פּאַרטראַכ־טער, אין אַלטע מעליקע בגדים, קרייזלענדיק מיט צוויי פינגער זיין האַלב־גראַע שוואַרצע באָרד; האָט ער עמעצן אָנגעטראָפן גייענדיק אין גאַס, האָט זיך זיין פּנים צעשמייכלט, זיינע אויגן זיך צעהעלט און אַזוי ווי זיך געבעטן: „פּרעג עפּעס, איך קען דיר אַזויפיל דערציילן...״

יעדע שטאָט, — פלעגן יידן אין ליטע זאָגן — האָט איר „שטאָט־משוגענעם״, אָבער אויף אַזאַ „לוקסוס״ האָבן קליינע שטעטלעך ווי גאָרוזד, זיך ניט געקענט דערלויבן. האָט מען זיך „צופרידן געשטעלט״ מיט אַביסל „אַ צעדרייטן״, עמעצן „וואָס פעלט אַ שרייפל אין קאָפּ״ אָדער סתם אַ טשודאַק. גאָרוזד האָט געהאַט צוויי אַזעלכע: איינער איז געווען שמואל־הירשקע, וועלכער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן. ווען ער איז געווען אַביסל בגילופינדיק, פלעגן חברה־לצים זיך גוטמוטיק צו אים נעמען טשעפּענען, אַרויסצובאַקומען פון אים זיינע פּיקאַנטע זאָגעכצן. — „מסכים — מסכים״, — פלעגט ער זיי אין אַ באַסאָווען קול ענטפערן — „איך וועל אייך פערציילן אַזוינס, וואָס איר האָט נאָך קיינ־מאָל ניט געהערט, אָבער לאָזט מיר זיך פריער אָוועקדרייען אין אַ זייט, ניט צו קוקן ווי איר קלייבט צונויף פאַר מיר אַ פּאָר גראָשן״...

דער צווייטער איז געווען מענדל־דוד, אַ הויכער מאָגערער סטאַ־טעטשנער ייד, וועלכער אַרבעטנדיק אויף אַ שטעלע ביי אַ סוחר, פלעגט פאַרן פון צייט צו צייט קיין מעמעל, בדרך־כלל, פלעגט ער ריידן פון אַלץ צו דער זאַך, האָט מען אים, אָבער, נאָר דערמאָנט דאָס וואָרט „שטיינער״, פלעגט ער בלייבן שטיין ווי אַ פאַרכישופטער. אַ מאָדנער פייערל פלעגט נעמען פינקלען אין זיינע אויגן, ווען ער האָט גענומען ריידן פון זיינע אָנגעזאַמעלטע שטיינער: „שוין איינמאָל שטיינער — סאַפּירן, עמעראַלדן, אַ מאַיאָנטעק, מיט איינעם פון זיי קען איך אָפּקויפן די גאַנצע שטעטל״ — „איז פאַרקויפט עטלעכע פון זיי ר׳ מענדל־דוד צו די רייכע מעמעלער סוחרים, וועט איר דאָך נתעשר ווערן״ — פלעגן שטעטלדיקע לצים אים זאָגן, „ווער זאָגט אייך, אַז איך וויל ניט פאַרקויפן״ — איז תמיד געווען זיין ענטפער — „אָבער זיי קויפן דאָך ניט״!

**משה כ"ץ** (קיבוץ רמת רחל)

# אזכרה ואהמייה

את יהודי גורזד אזכור רק במעורפל, זכרון ימי ילדות. בן שמונה שנים הייתי בעזבי את העיירה למקום תורה ורק פעמיים בשנה הייתי מבקר את אבי ר' יצחק יהודה לייב (איצע לייבעלע) (את אמי לא הכרתי כלל, שכן היא נפטרה בהיותי פעוט בן ארבע שנים). לאחר זמן קצר גם אבי ז"ל עקר למקום חדש. אף כי לא ניתקתי קשרי עם גורזד, כי הרי ביקרתי בה מדי פעם את קרובי המשפחה מצד אמי ז"ל, לא אוכל לתאר את יהודי גורזד, תאור נאמן שיהלום מצבת זכרון שאנו מציבים ליקירים. אפילו את דמותו של אבי לא אוכל להעלות כיאות לו מכיוון שלא היכרתיו היכרות עד כדי שרטוט דמותו המופלאה אעפי"כ אעלה את דמותו כחובת בן לאביו.

אבי נולד בווֹבולניק, מחוז בירז'. עם התבגרותו בא לריגה עיר מוצאי הוריו, והתקבל אצל החזן רוזובסקי שהיה בזמן ההוא המפורסם בחזנים. אבא חונן בשמיעה אבסולוטית ובכשרון מוסיקלי, ועם חזן זה עבר על פני ערי רוסיה ועד הלסינקי הגיע, בה שימש כחזן שנים אחדות. לימים הגיע לגורזד ושם נשא לאשה את נחמה בת „משה בערע רישעס", כך קראו בשמו של סבי, אבי אמי העתידה להיות אמא שלי.

אבי התחבב על יהודי העיירה בקולו הערב, אם כי אף פעם לא החזיק במשרה קבועה של חזנות, רק בשנים מאוחרות יותר נדד בעיירות ליטא במסגרת „לשמוע אל הרינה ואל התפילה" כדי להשלים את החסר בפרנסה... יצחק יהודה ב"ר יהושוע דוד הכהן, בשם זה נקרא לעלות לתורה. אך בעיירה הכירוהו בשם החיבה, איצע לייבעלע, אולי גם בגלל קומתו הקצרה. הוא היה יהודי צנוע ועניו, אך גאה ביהדותו. היה מברך על הרעה כשם שבירך על הטובה, ושמח בחלקו ונכון בכל עת תמיד לקבל פני משיח צדקנו — וחרד שמא יחמיץ לקבל פניו חלילה ברגעים הראשונים להופעתו... תמים היה והאמין לכל אדם בלב שלם. כפי שהאמין באלוהיו. ואף כי מוצאו היה ממשפחת ליטבקים „מתנגדים" היתה התנהגותו כמנהג חסידים כפשוטו וכמשמעותו.

היה לומד סנגוריה על כל יהודי וידע לשמחם בבית הכנסת ובשמחות

אחרות. זכורני, בשמחת תורה, בביקורי בעיירה ואבי נסע כמדומה לטבריג לשמש שם ש״ץ לימים נוראים ולחג הסוכות — שמיני עצרת. אמר ר׳ יוסל פורת (פיירעס) השוחט לרב העיירה רבי שבתאי (שפסיל שפירא) „כשאיצע לייבעלע איננו, משהו חסר בשמחת תורה״... אבי לא היה ש״ץ בעל קול ערב גרידא, אלא היה מה ש„מבינים״ אמרו, „מנגן״ (הדגש על הנון), כלומר יהודי שיודע לקרוא בתוי הנגינה — ואמנם אבי היה כותב תוים במהירות של קצרנות אפילו אם היה צריך להעתיק לחן ממרחק. זכורני, כשאבי היה מבקר בעיירה, היו מצטרפים האחים לייזערקע וגוטקע צוקער לשיר יחד עם אבי פרקי חזנות ולקחת שיעור בתוים, האחים צוקער היו בעלי קולות נפלאים ומחוננים בכשרון מוסיקלי ואבא ניבא להם עתיד גדול. שני האחים ניספו, כפי ששמעתי במלחמה כחיילים בצבא הסובייטי. ,אולי בהזכירי אותם במלים הספורות תרמתי תרומה קטנה לזכרם, חברי הטובים היו שניהם, במיוחד את לייזערקע אהבתי אהבת נפש.

אבי היה מתרחק מרכילות ומלשון הרע — כצדיק. על כן נשי העיירה היו באות לפעמים ומבקשות על ילדם החולה לחש לעינא בישא, כלומר — „אָפּשפּרעכן אַן עין הרע״ (או, כפי שהתקבל בפי העם ביידיש מדוברת, „אָפּשפּרעכן אַנענהאָרע״)...

אבי ר׳ יצחק יהודה לייב (איצע לייבעלע), היה אדם צנום וחלש בגופו, אך ידע לעמוד בתוקף על דעתו. זכורני מקרה לאחר שליטא קיבלה עצמאותה הוצבו חיילים בגורזד. לא היו די קסרקטינים לשכן בהם את החיילים ועל יהודי העיירה הוטל לשכנם בבתיהם. ביתנו היה בעל שתי דירות. באחת מהן שיכן אבי את החיילים. זכורני, החיילים התנהגו אל אבי בדרך ארץ וכיבדו אותו והיו פונים אליו בתואר „פּאַנאַס ראַבינאַס״, כלומר: אדוני הרב. אבל בחג הפסח אירע תקרית. אחד החיילים השאיר בפרוזדור מחצית ככר לחם אחרי שהובטח לאבי ע״י החיילים וגם ע״י הקצינים להיזהר בימי חג הפסח. אבי ז״ל פנה אל הקצין והתלונן על שהכשילו אותו ב„בל ייראה ובבל יימצא״... הקצין חקר ודרש עד שאחד החיילים הודה שמתוך שיכחה עשה זאת וביקש מחילה מאבי — אז ביקש אבי מהקצין לא להעניש את החייל, כי האמין לדברי החייל. והיה מקרה עם ערוב חצרות שאבי התקין. היה לנו שכן ערל, אדם רע מטבעו, אם כי אינני בטוח שהיה שונא ישראל. הגוי לא סבל את הקלונסאות ואת חוט

התיל לנגד עיניו וניסה בכח להסיר זאת מהשטח. שכן הפריע לו העירוב שהיה סמוך לחצרו. אבי התנגד בכח לגוי הזה עד שהופיע הממונה על פיקוח הנקיון בעיירה והטיף מוסר לגוי המתנכל לאבי ולמצוותיו. גם במקרה זה ביקש הגוי סליחה מאבי. אבי חלם שיזכה ליום שאצא ללמוד בישיבה של „החפץ חיים" בעיירה ראַדון, אצל הצדיק הגאון בזמן ההוא, רבי ישראל מאיר הכהן. הוא גם חלם שאלבש פעם איצטלא של „צורבא דרבנן", בגד הולם לאדם שומע תורה מרבותיו.

חוויה בלתי נשכחת אזכור בבואי להיפרד ממנו לפני עלותי לארץ־ישראל בשנת תרצ"ג—1933. בהיכנסי הביתה התחיל אבא לשיר ולרקוד בהתלהבות ובדבקות וראיתי שחפצו עז היה להדביק גם אותי בשמחה. לא ידעתי פשר שמחתו זו. אך אחר שנרגע מעט סיפר לי שבריגה סיפרו לו אנשים, שנתגלה ספר יוחסין של משפחתנו מצד אבותינו־סבינו וסבי סבינו, המגיע עד לעזרא הסופר. השמחה היתה לא כ"כ מהיחוס עצמו, אלא מידיעתו הברורה שאכן כהן אמיתי הוא, כהן צדק כפי שאמנם שמנו מעיר: כ"צ, כהן צדק. כשנפרדנו מצא לנכון לצוות עלי ללמוד מדי יום דף גמרא (או לפחות פרק משניות), לשמור על יום הזכרון של אמי, לבקר את הרב קוק (מפני שהכיר את סבי עוד מלטביה) והעיקר, ללמוד מעט „נגינה", כלומר, לתת קולי בשיר. והוסיף ואמר: „זכור, בני, יהודי שאינו יודע קצת נגינה, אינו יהודי מושלם, ח"ו... „ואכן, צדק אבי. הנגינה אם יודעים אותה, עשוייה להפיג מורה שחורה. לצערי, קיימתי בשלמות רק משאלה אחת, והיא: ביקרתי את הרב קוק בירושלים בשבוע הראשון לבואי ארצה. משאלה אחרת אני עוד מקיים בשליש וברביע, מדי פעם אני מציץ „בספר". אך נשארתי „יהודי לא מושלם", כי לדאבוני לא חוננתי בכשרון לנגינה. צר לי על כי לא יכולתי לקיים מצוות אבי התמים, עוד תכונה נאה היתה לאבי — אהבת סדר ונקיון — ולא משום ש„תלמיד חכם שנראה רבב בבגדו מתחייב במיתה", אלא כך היה טבעו מלידה. ואכן בגדיו היו ללא רבב. וזקנו מטופח ומסודר תמיד — ועל אחת כמה וכמה לכבוד שבת. אבי היה מזמר זמירות שבת אפילו על דג מלוח ופת לחם, כפי שהיה מזמר לו היה יושב לסעודת צדיקים על שור הבר והלויתן. היה מבדיל במוצ"ש על כוס תה ללא סוכר מספיק, כפי שהיה מברך על „יין המשומר".

אבי, איצע לייבעלע, לא נדחף להיכנס ראשון. תמיד ידע לכבד את

הזולת. זכורני, בביקורי ערב פסח לאחר „זמן" של לימוד בישיבה, רצה לכבד אותי כאורח שאכנס לפניו. סירבתי מפני כבודו של אבא. אז נתן בידי מחזור תפילה ואמר, עם ספר קדוש בידך, חייב אתה להיכנס תחילה...

ארבעה ענקי רוח של יהודי ליטא שמשו לו כסמל נערץ וללכת בדרכם. היה זה הגאון מוילנא ורבי חיים מבריסק, סמל טיפוס הלמדן הליטאי, רבי ישראל מסלנט ורבי ישראל מאיר הכהן, הוא ה„חפץ חיים" ראש ישיבת ראַדון, סמל המוסר והענווה. תמיד הצטער שלא זכה להגיע לפחות „לאחד משישים" ממידתם... עתה, כשאני בעצמי הגעתי לגיל זיקנה, מתוך זכרון הילדות כשאני מנסה לארוג את דמותו של אביו ולשאול מנין באו לו אמונתו וחסידותו, מבין אני שאישים אלה שימשו לו למופת.

היה בגורזד יהודי, בערע וועלווע. דמות מופלאה במיוחד שאבא חיבב ואהב לגלגל עמו שיחה על המופלא שבבריאה. האיש היה בעל זכרון פנומנאלי, אנציקלופדיה מהלכת וחוקר במופלא ממנו. שני אלה, אבי ובערע וועלווע היו ידידים בנפש, אבי אהב סיפוריו ובערע וועלווע אהב את ניגוני אבי.

על אבא שמעתי מפי אשה מפלונגיאַן שהיתה בגיטו טלז שכאילו היתה במרחק לא רב בעת שרצחו את אבי. והמעשה כך היה: הרוצחים דרשו ממנו לשיר. (לא ידוע לי אם הכירו אותו כאדם יודע לשיר), אך הוא סירב באמרו: „שירתי, היא תפילה בבית כנסת ליהודים כשרים ולא לרוצחים כמותכם שאחרי שאשיר לפניכם תרצחוני". הוא סטר לקצין על פרצופו בבקשו להביע על-ידי כך את גאוותו וגאוות כל יהודי הגיטו. הקצין ירה בו במקום. לא בדקתי אמיתות דברי האישה אך אני מתנחם בהם, כי אולי נחסכו לו יסורי תופת. יהא זכר צדיק, אבי מורי ר' יצחק יהודה לייב, לברכה!

היו עוד יהודים רבים בעיירה אשר ראוי לזכור שמם ולתארם נאמנה, וודאי הדבר ייעשה ע"י בני העיירה אשר חיו בעיירה עד לכליונה. אך מרגיש אני חובה לתאר לפחות כמה מהם ולו רק במילים ספורות — ואודה על האמת, מפני שהם לקחו חלק בחיי אחרי שהתיתמתי מאמי. אחת הדמויות הריהי לאה בערע משה'עס, אחות סבתי ובתה מירקע. לאה, אשה יהודיה בכל רמ"ח אבריה, אשר שפתיה דבדבו תפילות מ„צאינה וראינה". לפרנסתה היתה סורגת גרביים למשפחות העיירה וזכורני הליכתה ברחוב העיירה עם פוזמק מושחל על שיפודי הסריגה,

ועל המרפק בין האמה והזרוע סלסלה, בתוכה כמה ביצים למכירה לעקרות הבית — ועל שפתיה תפילה...

מירקה, בתה, נחרתה בזכרוני כצעירה בעלת לב זהב, צחקנית. שימשה „כסוכנת הבית" וכמנהלת החנות אשר נשארה אחרי מות אמי. שתיהן, הבת הצעירה והאם, דאבו על כך שאמי לא זכתה לראות נחת מבנה היחיד אשר ודאי יגדל לבן תורה... ועוד דמות אחת לא אשכחנה מימי ילדותי — פרומה רישע מלמד לבית וולפוביץ. ראוי לתאר את הוולפוביצים, אך לא אעז לטשטש דמותם. רק בכמה מלים אביע אהבתי לדמות יקרה, פרומה רישע, בת דוד אמי. אמה של פרומה רישע, טויבע הענע, היתה אחות סבי, הוא, משה בערע רישעס. פרומע רישע היתה דמות צנועה, צדקת אשר תמיד נחפזה בדרכה ובהליכות ביתה, בבית שרר סדר וניקיון. היתה צופה הליכות ביתה ודאגה לא רק לבני הבית, אלא גם לאלה שיצאו „לעצמאות"... דאגתה היתה נתונה גם לאנשים שזקוקים היו למתן בסתר של מעט מזון לפחות. ופרומה רישע דאגה להם. אשה יקרה זו, טיפלה בי ובאחותי שפרה, ממש כאם אוהבת בעזרתה של בתה שיפקע, אף היא דמות נערצה עלי.

פרומע רישע בטוב ליבה רחצה אותנו והאכילה אותנו ואף הלבישה אותנו בלי שתישמע טרוניה כלשהיא מצד הבנים והבנות. בשעות הפנאי — והן לא היו רבות, היתה יושבת ליד החלון לאור היום וקוראת ב„צאינה וראינה" בקול רם ובניגון. את בעלה ר' פייבל מלמד זוכר אני אלא בחיצוניותו. אך מפי השמועה שמעתי, כי צדיק היה בהליכותיו. בבואי אל קרובי משפחתי לקחת ברכת פרידה טרם עלותי ארצה, אמרה פרומה רישע בדאגה: „ילד רך כזה, איך יסע בגפו, מי ידאג לו ללא קרוב וגואל...? מקס וולפוביץ, בחור אהוב על הבריות, שהיה נוכח באותו מעמד, אשר נרצח בין ראשוני הנרצחים, הרגיע את פרומה רישע באמרו: משה'קע בעל תעוזה הוא ושובב, יידע להסתדר. את מקס לא זכיתי לראות מאז 1933 ולא הכרתיו כבר בבגרותו — וצר לי על כך.

ועוד אזכור, דמות מוזרה במקצת, אך יקרה. משה לייזער איציקס. פעם בבית המדרש נבהלתי מצעקתו האדירה את ה„**אמן**" שנשמע למרחקים וקולו כאילו הדהד מסוף העולם עד סופו. הוא האמין שבקריאת אמן בקול רם יקרב את ביאת הגואל. משה לייזער איציקס היה יהודי בעל קומה מעל לבינונית, זקן אדום עיטר את פניו ועסק בעסקי אטליז ונדמה

היה שעיסוקו הקשיח אופיו, אך לא. הוא עסק במתן בסתר, צדקה לשם צדקה ואף היה לווה כסף כדי לתת צדקה, כך שמעתי מפי יהודי גורזד. הערצתי אותו כיהודי טוב ומאמין בכל מאודו וידעתי שהוא עושה חסד לאנשים, אך בילדותי פחדתי לעמוד בקרבתו בעת קולו הרעיד באמירת אמן...

והיה יהודי, שכננו ממול, ר' משה צוקר („צוקרל", היה כינויו בעיירה). קומתו ודאי לא הגיעה למטר ומחצית המטר. חי בעוני ובדחקות, אך מעולם לא קבל על מנת חלקו. לעתים קרובות היה בא אל אבא לגלגל שיחה עימו ולהשמיע ולשמוע ניגונים. בעיקר שוחחו בערגה על ימות המשיח כי יבואו, עד כי החלו לשיר ניגונים על ביאת המשיח.

בניו של צוקער, לייזערקע וגוטקע, צחוק תמידי נסוך על שפתיהם ותמיד שרים. שני האחים בעלי זכרון בלתי שכיח היו, בור סיד שאינו מאבד טיפה. לייזערקע בן כיתתי ושכני לספסל הלימודים היה. שניהם ניסו להדביק בי מפרקי החזנות של יוסלה רוזנבלט, סירוטה וקוורטין, אך אזני היתה אטומה למוסיקה — והם הצטערו על כך, ביחוד לייזערקע. שניהם קונדסים עליזים שהתאימו ל„רמה" שלי. אבידה אישית הם לי.

בני דודי, יוצאי גורזד, ודאי זוכרים את רבי העשיל, ה„שטיבל רבי". יהודי, מלמד קפדן אשר למרות קפדנותו הצליח גם ללמד... זקנו ירד על פי מידותיו, משקפיו במסגרת פשוטה דקה רכבו על קצה חטמו. היה משקיף על תלמידיו-דרדקיו מעל משקפיו ולא דרכם. בכעסו היה נושך אצבעו כדי לשכך כעסו. ואם התלמיד הגדיש את הסאה, היה מכה במקלו אחת על ספסל ואחת על כתף התלמיד — אבל ברחמנות, רחמנות יהודית, רחמנות של רב אל תלמידו אשר חייב להזינו לקראת העולם הבא... לא אדע אם היה תלמיד חכם, אך יודע אני כי היה מלמד תינוקות מצליח מאוד, היה עניו והסתפק במעמד של מלמד דרדקי. כולנו, בני דורי, מהם אשר חיים עד היום, עורכי־דין, רופאים, תלמידי־חכמים, אנשים פשוטים וחברי קיבוץ, חייבים ל„שטיבל רבי" את יסודות חינוכם.

גורזד היתה עיירה שופעת דמויות יקרות ומופלאות, אך כאמור, ילד הייתי בעזבי את העיירה וצר לי על שלא אוכל להעז ולתאר יהודים יקרים אלה וודאי קיפחתי את אלו שהעזתי לתארם. אני מקווה שבני גורזד אשר חיו בעיירה יטיבו לעשות ממני. וזו חובתנו. כולנו יחד נציב נר זכרון לנשמותיהם הטהורות.

ד"ר בן־ציון ענברי־בורשטיין

# דמויות

## ד"ר לייזער איגלשטיין

ד"ר איגלשטיין נולד בגורזד להוריו ר' אליה ופסה איגלשטיין (האם באה מפלונגיאן). בהגיעו לגיל בר־מצווה נסע לישיבת סלונים. בישיבה זו למד עד מלאות לו 21 שנה. בישיבה הוסמך לרבנות אבל לא רצה להיות רב אלא החליט להתכונן לבחינות כניסה לאוניברסיטה. לשם זה הוא נסע לקניגסברג. שם למד, התכונן ונתקבל לאוניברסיטה ללימוד רפואה. לאביו חרה מאד הדבר, שבנו נתפקר ועזב את לימוד התורה.

רוב השנים עבד ד"ר איגלשטיין כרופא בגורזד. בשנת 1914 עזב את גורזד וחי בפלונגיאן. כעבור כמה שנים נתבקש ע"י יהודי גורזד לשוב אליהם.

הוא היה רופא מומחה, ותושבי גורזד נתנו בו אימון רב. הגויים שבגורזד והסביבה העריצו אותו מאד.

ד"ר איגלשטיין השתתף בעניני הקהילה והיה לעיתים נציגם של היהודים בפני השלטונות. אחרי השרפה הגדולה, שנגרמה ע"י הגרמנים במלחמת העולם הראשונה, פעל ופנה לכל יהודי גורזד שלא יעזבו את העיירה ויבנוה מחדש.

גורלו היה, כנראה, כגורל כל יהודי גורזד שמצאו את מותם הטרגי בידי הנאצים.

## ר' הירשע אהרן הערצעס

בשם זה היה ידוע ר' הירשע ארנשטיין בגורזד. היה בעל בית ובעל חנות מכולת. לפני מלחמת העולם הראשונה היה אחד מבין הסוחרים שנסעו ללפאיא (ליבוי) ומשם היו מביאים צרכי מכולת בסיטונות עבור כל החנוונים בגורזד.

בשנת 1905 גוייס לצבא הרוסי והשתתף במלחמה ביפנים. במלחמת



הירשע ארנשטיין ליד מצבת גיסו, ר׳ יעקב בורשטיין בממל

העולם הראשונה שרת שנים אחדות בצבא הרוסי ובאחד הקרבות נפצע באזנו וחלה שנים רבות. מאז נחרש באזנו האחת. עבד תמיד קשה והעדיף לבצע כל עבודה בעצמו.

הוא היה מעורב בכל עניני הקהילה וחבר פעיל בחברה קדישא.

בן 64 היה במותו הטרגי בידי הנאצים.

## ר׳ אהרן־הערץ

אבי אמי היה נקרא בביתנו „דער היגער זיידע״, משום שגר בביתנו גם אבי אבא, וכדי להבחין ביניהם היינו, אנחנו הנכדים, קוראים לסבא זה „דער פוילישער זיידע״, כי אבי אבא הגיע אלינו מפולין.

ובגורזד היה ידוע אבי אמא בפי כולם בשם ר׳ אהרן־הערצע. הוא נולד בריטעווע, ובבחרותו למד בישיבת מינסק. בבגרותו למד גם תורת הקבלה. בהקימו את ביתו בגורזד התמיד בלימוד תורה. משך שלושים שנים רצופות לימד בגורזד את הדף היומי בגמרא בפני בעלי הבתים בחברת ש״ס. היו אומרים עליו, שהוא בקיא בכל הש״ס. בימי זקנותו כהו עיניו, אך לא נזקק למשקפים ובשעת לימודו היה מרכין ראשו ומשקיעו לתוך הספר.

ר׳ אהרן־הערץ היה בעל בית וסוחר. הוא עסק במסחר הפשתן. גם חנות למכולת בסיטונות היתה לו. היה עומד בחנותו והגמרא פתוחה לפניו.

בימי זקנותו התמסר רק ללמוד תורה. בן 83 היה במותו.

## ר׳ משה קורבמן

משה לייזר־איציק׳ס קראו לו בעיירה. דמות מיוחדת היה ר׳ משה קורבמן. קצב היה, ואיטליזו נמצא ברחוב הראשי, שנקרא טאמוזנע־גאַס. הוא התבלט בזקנו האדום ובקומתו הזקופה. דבורו היה בקול רם, ונדמה היה, כאילו הוא גוער בך. בשעת התפילה נשמע תמיד קולו החזק; וכשהיה עונה אמן לברכות החזן, היה גורף אתו רבים מבין המתפללים, שהחרו החזיקו אחריו בעניית אמן.

לא רבים בגורזד ידעו, איזו נפש טובה היתה חבויה בבעל־גוף זה. ר׳ משה קורבמן היה דואג לעניי־העיר מתוך מסירות־נפש ועשה זאת בדרך של מתן בסתר. הוא חקר ומצא מי הם הנצרכים, שאינם מגלים את מצבם הדחוק, והיה מביא לבתיהם כסף, כדי שיוכלו גם הם להכין את שבתם כראוי. וכך היה נוהג לעשות: בימי חמישי בערב, אחר גמר המסחר בשוק



משה קורבמן ואשתוביילה

והקניות בחנויות, היה נכנס לבעלי החנויות, שנהגו לתת יד לפעולתו הברוכה, והיה מקבל מהם סכומי־כסף בתור גמילות־חסד לימים אחדים. ועוד באותו ערב היה מחלק כספים אלה בין המשפחות הנצרכות, שהיו ידועות רק לו — מתן בסתר במובנה הטהור של המצווה. וכעבור ימים אחדים היה מחזיר לבעלי החנויות את ההלוואות.

זאת היתה הדמות ר׳ משה לייזר־איציק׳ס.

## ר׳ מרדכי (מכס) זוסמן (לפנים זוסמנוביץ)

ר׳ מרדכי זוסמן נולד בגורזד בשנת 1889 והיה נקרא ע״ש אביו בצרוף שם אבי אביו מאָטע חאַצע שייעס. בשנת 1903, בהיותו בן 14, היגר לארצות הברית. שם למד, עבד והצליח. באמריקה הקים משפחה וחי בעיר קטנה טרה־האוט, אינדיאנה. ביתו היה ידוע כבית ציוני־דתי, היה מכניס אורחים וידו היתה פתוחה לעניני צדקה ולמגביות הציוניות. בשנת 1935 עלה לארץ־ישראל לראשונה וניסה להאחז בתל־אביב. אולם



מרדכי זוסמן

משלא עלה הדבר בידו, חזר בשנת 1940 לארה״ב והתישב בעיר אינדי־נאפוליס. שנים מספר לאחר הקמת מדינת־ישראל חזר לארץ והשתקע בירושלים ובה חי עד יומו האחרון.

בירושלים התמסר ללימוד תורה ולמעשי חסד. בירושלים היה פעיל בקופות גמילות־חסד, שבהן השקיע מכספו וגייס כספים מידידיו ומכריו הרבים שבארה״ב. ר׳ מרדכי זוסמן דאג לעניי השכונות מאה־שערים וגאולה ופעל ביניהם בחלוקת בגדים, חבילות מזון לחגים — במיוחד לחג הפסח — וכן חילק ביניהם כסף מזומן. הוא פעל בירושלים במחסן תרופות, ונצרכים היו פונים במרשם של רופא ומקבלים את התרופות חינם.

ר׳ מרדכי זוסמן השתתף בכינוס יוצאי גורזד, שהתקיים בהר־ציון לרגל גילוי הלוח לזכר קדושי גורזד. כן בא אחרי כן לפגישת יוצאי גורזד שהיתה בקיבוץ רמת־רחל.

בשנים האחרונות חלה הרעה במצב בריאותו ובמיוחד היתה ההליכה קשה עליו. אף על פי כן המשיך בקביעת עיתים לתורה והתמיד בהשתתפותו יום יום בשיעורי תלמוד עד לימיו האחרונים.

ביום כ״א באדר א׳ תשל״ח (28.2.78) נפטר ר׳ מרדכי זוסמן בשיבה טובה. הוא השאיר אחריו אלמנה, בן ובת, 6 נכדים ונינה.

*

**רבקה נוה** (כ״ץ)

## איצע דער קוימענקערער

ווער געדענקט אים ניט? אַ קליינער יידעלע, אַ דאַרער, פלעגט ער אַרומגיין אין שטעטל אַ גאַנצע וואָך און האָט געוווּסט גענוי ביי וועמען איז היינט נויטיק אויסצוקערן דעם קוימען. שטענדיק האָט ער געטראָגן אויפן פלייצע אַ גראָבע שטריק פאַרוויקלט ווי אַ בייגל, אויף וועלכער ס׳איז געהאַנגען אַ קליין לייטערל וואָס פאַר קיינעם פון אונדז קינדער איז קיינמאָל ניט געווען קלאָר צו וואָס פאַרוואָס צוועק ער טראָגט עס. אין רעכטן שטיוול האָט אַלעמאָל געשטעקט אַן אַלטער קאָכלעפל מיט וועלכן ער פלעגט מיט געשיקטע הענט אויסשעפן די אויסגעקערטע סאַזשע פון די קוימענס. מיר, קינדער, פלעגן אים אָפט נאָכגיין און פלעגן אים מקנא זיין ווי אַזוי ער פלעגט פלינק ווי אַ קאַץ אַרויפקריכן אויף יעדן דאַך. אויף די געדיכטע באַדעקטע שפּענער איז געלעגן אַ לייטער וואָס האָט דערגרייכט ביזן ציגעלנעם רויטן קוימען. געטראָגן האָט ער אַלע מאָל אַ הוט וואָס קיינער האָט ניט געקענט אונטערשיידן וואָס פאַר אַ פאַרב זי האָט אַ־מאָל געהאַט. זיינע פאַרשוואַרצטע הויזן, אַריינגעשטעקט אין די שטיוול, האָבן דאָרט געשטעקט אין גוטער שכנות מיטן דערמאָנטן קאָכלעפל. מיר פלעגן זיך פאַרמעסטן צו טרעפן, צי איז די הוט אַמאָל געווען אַ ברוינע, אָדער אפשר אַ גראָע, ווייל אַלעמאָל עס איז געווען שוואַרץ, און אַזוי איז אויך געווען זיין גאַנצע פיזיאָנאָמיע, אַפילו זיין באָרד. מיר פלעגן זיך ניט קענען אָפּוווּנדערן ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז שבת האָט

איצע אַ נייע באָרד — גאָר אַ גראָע!... און די גלאַנציקע אויגן וואָס קוקן אַלעמאָל אַרויס פון דעם שוואַרצן פּנים — גלאַנצן גאָרניט און זעען אויס נאָר שבת ווי ביי אַלע מענטשן. זיין פאַמיליע נאָמען האָבן מיר קיינמאָל ניט געוווּסט, ווייל ווען וואָלט עס איינגעפאַלן גאָר צו רופן אים אַנ־דערש, ווי „איצע דער קוימענקערער".

*

## איצע האָגע־מירעס

אַ צווייטער ייד מיטן זעלבן נאָמען איז געווען אין גאָרזד: איצע האָגעמירעס. אָדער ווי מען פלעגט אים רופן: איצעלע. אָט דער ייד האָט שוין יאָ געהאַט אַ פאַמיליע נאָמען: ער האָט געהייסן גאָליס, נאָר ניט סתם גאָליס פלעגן מיר אים רופן, נאָר „פּראָפעסאָר גאָליס". פאַרוואָס? ווייל עס איז ניט געווען אין גאָרזד קיין גרעסערער מומחה אויף אויס־געלינקטע, אָדער — רחמנא ליצלן — צעבראָכענע פיס און הענט ווי דער איצעלע. ער איז געווען אַ קליינינקער, אַ האַלב בלינדער, איין אויג פאַר־מאַכט, פלעגט ער טאַפּן זיין וועג און זיך פירן טאַקע מיט גדלות. די דאגות־פּרנסה פלעגט ער געוויינלעך איבערלאָזן דער ווייב. האָגע מירע איז דוקא געווען זייער טיכטיק אין דעם פאַך, און יעדער בעלהבית׳טע אין גאָרזד האָט געוווּסט איר פליכט צו געבן האָגעמירען עפּעס וואָס אויף שבת און אָפּטמאָל אינמיטן וואָך אויך. אָבער האָט ביי ווען חלילה ווי געטאָן אַ געלענק, אַ האַנט אָדער אַ פוס, פלעגט איצעלע זיך גלייך צושטעלן און פלעגט מעשה „דאָקטער" זיך פאַרנעמען אַרום דעם קרעכצנדיקן פאַציענט ביז דער געלענק איז איינגעשטעלט געוואָרן צוריק אויפן ריכטיקן פּלאַץ. דאַן פלעגט ער מיט שטאָלץ אויסרופן: „איר האָט געהערט אַ קנאַק? עס איז אַריין"!... אויסער די ספּעציאַליטעט האָט ער אויך געהאַט אַ ריי ספּעציעלע עצות און מיטלען צו היילן כמעט יעדע קרענק. די געלענקען־פּרנסה האָט געבליט איבערהויפּט ווינטער, ווען די בלאָטעס אין גאָרזד פלעגן פאַרפרוירן אָדער דער פון זון צוגאַנגענער שניי פלעגט איבער נאַכט באַדעקן די גאַס מיט אַ גליטש, גלאַט ווי אַ שפּיגל, און מען פלעגט גיין אויפן גאַס ציטערנדיק און אָפּטמאָל פאַלן און זיך ווייטאָן. אַ סך גאָרזדער אויסגעלינקטע פיס זיינען דורכגעגאַנגען דורך איצעלעס הענט...

דבורה שויס

# די משפחה שויס

וועגן זיין פאָטער יאַנקל שויס, פלעגט מיר מיין פאַרשטאָרבענער מאַן לייבע זייער פיל דערציילן. ער איז געווען אַ ספּעציעלער אויסגעשפּראָכענער טיפּ פון אַ למדן, אַ משכיל, וואָס איז געווען בקי אין יידישע און וועלטלעכע לימודים. ער האָט זייער פיל געליינט און געלערנט און זיך אינטערעסירט מיט דער סיסטעם פון די שטערן, געוווּסט די נעמען פון די שטערן, זייער צוזאַמענהאַנג. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אַסטראָנאָמיע און אים איז ניט פרעמד געווען איינשטיינס „רעלאַטיווי־טעאָריע" אויף וועלכער ער פלעגט זיך תמיד באַזירן. (זיין זון לייבע האָט טאַקע פון אים געירשנט די ליבע צו אַסטראָנאָמיע). טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ פרומער ייד, פלעגט ער גאַנץ דרייסט ריידן וועגן דער זון־סיסטעם, וועגן דער ערד, אַז זי איז קיילעכדיק און אַז זי דרייט זיך אַרום איר אַקס אין חלל, באַגלייט פון דער לבנה...

פאַר יענער צייט איז ער געווען זייער פאַרגעשריטן און געבילדעט.

יאַנקל שויס איז געווען אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין גאָרזד. אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, געזאָרגט פאַר דעם אָרעמען שיכט פון שטעטל. אויב וואָר ס'האָט זיך גענויטיקט אין הילף, אַ גמילת חסד, איינ־אָרדענען אַ קראַנקן אין הקדש, הילף פאַר הכנסת־כלה — אַלץ איז ניט פאַרביי אָן זיין הילף און געטאָן האָט ער עס ניט צוליב מצוות, פּשוט, ער איז געווען אַ מיטפילנדער, איינפאַכער, טייערער מענטש מיט אַ גוטער האַרץ.

יאַנקל שויס איז אויך געווען בקי אין פּאָליטישע פראַגן. ער פלעגט מענטשן — ווייניק באַהאַוונטע אין פּאָליטישע פּראָבלעמען, זיי אַלץ קלאָר מאַכן, אַנאַליזירן מיט זיין שאַרפן מוח פאַרפּלאָנטערטע פּאָליטישע ענינים, און זיינע דערקלערונגען און פאַרטייטשונגען זיינען געווען זאַכלעכע, צו־טריטלעכע און פּשוט צום פאַרשטיין.

חוץ די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָט ער פאַרמאָגט אַ געזונטן חוש פון הומאָר, יעדן מאָל דערציילט אַ פאַסיקן וויץ. זיין הומאָר האָט געהאַט

אַ ספּעציפישן חן און פיל פּאָלקסטימלעכקייט האָט געשטראַמט פון זיינע וויצן און משלים.

מיט מיין מאַנס עלטערן האָב איך זיך באַקאַנט אין קאָוונע, שוין זייענדיק לייבעס כלה. אויסשטרעקנדיק מיין האַנט צו לייבעס פאָטער בעת דער ערשטער באַגעגעניש, האָט ער מיט אַ שמייכלעדיקן פּנים, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ זעלבסטצופרידנקייט ספּאָנטאַן אַ זאָג געטאָן: — „גאָט צו דאַנקען, אַבי אַ יידישע טאָכטער״!.

*

## זעלדע שויס

זי איז געווען אַ שטילע, גוטע פרוי און זייער אַן איבערגעגעבענע צום מאַן און צו די קינדער. זי איז געווען אַ שטאַרק פאַרהאָרעוועטע, האָרעפּאַשנע יידענע. שוין פון 4 אַזייגער פאַרטאָג איז זי שוין געשטאַנען און אַליין געבאַקן ברויט, געמעלקט די קו, געווען פאַרטאָן אַ גאַנצן טאָג אין קלייט מיט די קונים.

זי האָט געטראָגן דעם עול פון דערציען די קינדער מיט גרויס עקשנות און כבוד, זיך באַמיט יעדערן צופרידנשטעלן און נאָכגעבן יעדנס פאַרלאַנגען.

אין ריידן און אויסזען איז זי געווען שטאַרק פאַרדייטשט. אָבער זי האָט זיך ניט אויסגעטיילט מיט איר אַרט ריידן פון די אַנדערע פרויען אין שטעטל.

*

די עלטערע צוויי זין האָבן פרי עמיגרירט קיין דרום-אַפריקע. אין שטוב זיינען פאַרבליבן די עלטערן און די יינגסטע צוויי קינדער לייבע און פריידקע. לייבע איז אויך פרי אַוועק פון דער היים און געבליבן איז בלויז די יינגסטע טאָכטער פריידקע.

פריידקע איז געווען אַ פּשוטע מיידל מיט אַ שוואַכן געזונט און געאַרבעט אַלס שטריקערין.

פון דער גאַנצער משפחה שויס איז פאַרבליבן זיסל שויס און איך

(אַ צוגעקומענער מיטגליד צו דער משפּחה — לייבע שויס פּרוי). זיסל לעבט איצט אין דרום־אַפריקע מיט זיין פרוי, טאָכטער, זון און אייניקלער. טראָץ דעם וואָס איך האָב זיסלען קיין מאָל ניט געזען און בלויז געהערט פון אים, פון די דערציילונגען פון זיין ברודער לייבע, האַלט איך אים ווי אַן אייגענעם ברודער. און כאָטש זיינע בריוו זיינען אַלעמאָל קורץ און זאַכלעך, ריידן זיי וועגן זיין הויכער קולטור, איידל האַרץ, גוט און שטאַרק אַפּרופּעריש.

דער אידילישער לעבן פון דער שויס־משפחה איז איבערגעריסן גע־וואָרן פון די היטלעריסטישע מערדער. דאָס האָבן זיי אונטערגעהאַקט דעם לעצטן בוים פון דער ברייטפאַרצווייגטער שויס־משפחה.

חנה אסיף — מנדלסון / בתיה מטלון — מנדלסון

# צום אָנדענק פון מיינע טייערע

**וואָלף שמעון שטאָר**

**ליבע שטאָר**

**רבקה שטאָר**

**רויזקע שטאָר**

**לאה זוסמאַנוביץ־שטאָר און אירע קינדער**

**יחזקאל און רחל,**

**וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע מערדערד אין יאָר 1941.**

וואָלף שמעון און ליבע שטאָר זיינען געווען די עלטערן פון אונדזער מוטער פעסע מענדעלסאָן. מיר, אירע צוויי טעכטער חנה און בתיה, זיינען געבוירן געוואָרן און געלעבט אין קאָוונע, אָבער מיר האָבן ליב געהאַט דאָס שטעטל גאָרזד און פלעגן גערן פאָרן דאָרט אין זומער צוזאַמען מיט אונדזער מוטער אָדער אַליין.

מיר געדענקען די גאַסן און הייזער אין גאָרזד: דער פּלאַץ אין מיטן שטעטל, ווו עס פלעגט פּאָרקומען אַ מאַרק יעדן דאָנערשטיק; דאָס וועלדל ביים שטעטל, וועלכן מ׳האָט גערופן „דער גאָרטן״; דער טייך מיניע וואָס האָט זיך געדרייט אַרום שטעטל און אין וועלכן מיר פלעגן זיך באָדן אין די הייסע זומערטעג; טאַמאַזשנע די הויפּט־גאַס, וואָס האָט געפירט צום אַלטן דייטשן גרענעץ.

אָבער אַמבעסטן געדענקען מיר דאָס הויז פון אונדזער באָבע און זיידע, ליבע און וואָלף שטאָר.

דאָס הויז איז געשטאַנען אויף אַ קליינעם בערגל, דערפאַר האָט מען געקענט זען פון אים די אַרומיקע הייזער און געגנט. ביים הויז איז געווען אַ שטאַל מיט איין, אָדער צוויי קי. אַלס קליינע קינדער פלעגן מיר אָפט שטיין ביים מעלקן די קו און טרינקען פרישע וואַרעמע מילך. הינטערן הויז איז געווען אַ גערטל און אַ קליינער הינער־שטייג.

מיר געדענקען דעם טאָג פון וועש־וואַשן. אַלע פרויען אין אונדזער פאַמיליע, צוזאַמען מיט דער דינסט מיידל, האָבן אָנטיילגענומען. גאַנץ פרי באַגינען, האָט מען אָנגעלייגט אַ וואָגן מיט קעסלען און וועש און געפאָרן צום טייך. דאָרט האָט מען געמאַכט אַ פייער און געקאָכט אויף אים די קעסלען מיט די וועש. נאָכדעם האָט מען גענומען די וועש צום טייך און געשווענקט אין פליסנדן וואַסער.

וואָלף שמעון איז געבוירן געוואָרן אין דאַרביאַן, אַ שטעטל נאָענט צו גאָרזד. זיין פאָטער יאַנקל־הירש האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, און געהאַנדלט מיט מאַנופאַקטור. וואָלף שמעון האָט געלערנט אין אַ ישיבה און איז געווען אַ פעאיקער און שיינער בחור. מען האָט אים גערעדט אַ סך שידוכים. צום סוף האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ גאָרזדער מיידל ליבע העליג. זיי האָבן זיך באַזעצט אין גאָרזד און געלעבט דאָרט ביז צום סוף.

די דאָזיקע געשיכטע האָבן מיר געהערט וועגן די ערשטע יאָרן נאָך זייער חתונה: וואָלף שמעון האָט זיך באַקלאָגט, אַז זיין יונגע פרוי ליבע קען ניט באַקן שבתדיקע חלה אַזוי גוט ווי זיין מוטער. דעריבער פלעגט יעדע וואָך ברענגען דער פורמאַן פון דאַרביאַן זיין מוטערס חלות. דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן זיין פרוי ליבע. זי האָט אָפּגערעדט מיטן פורמאַן, אַז זי וועט באַקן אַליין די חלות און אים איבערגעגעבן ער זאָל ברענגען די חלות ווי געוויינלעך, ווי ער וואָלט זיי געבראַכט פון דאַרביאַן. וואָלף שמעון האָט שטאַרק געלויבט די חלות, און ערשט דאַן האָט ליבע אים דערציילט, אַז זי אַליין האָט זיי געבאַקן. אַזוי האָט אויפגעהערט דער „חלה־טראַנספּאָרט" צווישןביידע שטעטלעך.

4 זין און 4 טעכטער האָבן זיי געבוירן. אַלע זין האָבן אויסגעוואַנדערט נאָך דרום־אַפריקע. דער עלטסטער, וויקטאָר, איז אַוועקגעפאָרן אין 1909 אין עלטער פון 15 יאָר. נאָך אים האָבן אויסגעוואַנדערט שמואל (סאַם), מאיר (מאַקס), און הירש (האַרי). די טעכטער זיינען געבליבן אין ליטע. די עלטסטע טאָכטער פעסע האָט געהייראַט מיט שמשון־קלמן מענדלסאָן און זיך באַזעצט אין קאָוונע. לאה, וואָס איז געווען זייער אַ שיינע, האָט געענדיקט די דייטשע גימנאַזיע אין מעמל. זי האָט געהייראַט מיט רפאל זוסמאַנאָוויץ אין יאָר 1930. די חתונה איז פאָרגעקומען אין מעמל, אין דעם לוקסוס האָטעל „וויקטאָריאַ". זיי האָבן

זיך באַזעצט אין גאַרזד און געבוירן צוויי קינדער; יחזקאל און רחל. די יינגסטע טעכטער, רבקה און רויזקע, זיינען ניט געווען פאַרהייראַט און געלעבט מיט די עלטערן.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אָפּגעברענט זייער גרויסע הויז, וואָס זיי האָבן אויפגעבויט אייניקע יאָר פריער. זיי האָבן אויך געמוזט אַנטלויפן פון שטעטל און זיך אויפגעהאַלטן אין אַנדערע שטעט־לער. נאָכן צוריקקומען אין גאַרזד, האָבן זיי אויפגעבויט אַ נייע קלע־נערע הויז.

זיי האָבן געהאַט אַ געשעפט פון געשיר און כלים פאַר שטוב און קיך. וואָלף־שמעון איז געווען דער דירעקטאָר פון דער גאַרזדער אָפּטיי־לונג פון „יידישן פאָלקס־באַנק". צוליב דעם פלעגט ער אָפט קומען אין קאָוונע צו דער פאַרזאַמלונג פון די באַנק־דירעקטאָרן. ער פלעגט דאָן זיין ביי אונדז אין הויז. אַלע אונדזערע פריינט פלעגן באַוווּנדערן זיין שלאַנקע פיגור: ער איז געווען הויך, געגאַנגען שטראַם, ניט געבויגן, אַנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע.

מיר האָבן געהערט, אַז וואָלף־שמעון האָט אויך געהאַט אַ פּאָסטן אין גאַרזדער פּאָסט. ביידע פּאָסטנס, אין באַנק און אין פּאָסט, זיינען געווען פרייוויליק.

וואָלף שמעון האָט געהאַט זייער אַ שיינע אַנגענאַמע שטימע. יום כיפּור פלעגט ער זיין אַ חזן אין שול. אויך שבת פאַרן יאָרצייט פון זיין פאָטער, פלעגט ער מיט זיין שיינער שטימע שאַפן פאַרגעניגן די יידן אין שול.

ביים סוף פון די דרייסיקער יאָרן, האָט ער פאַרמאַכט דעם געשעפט. פון דאָן אָן, האָבן זיי געלעבט פון דער שטיצע פון די זין אין דרום אַפריקע. די זין האָבן געוואָלט ברענגען די עלטערן צו זיך קיין אַפריקע, אָבער די עלטערן האָבן זיך ניט געקענט באַשליסן. די מוטער ליבע האָט געזאָגט אַז זי קען ניט איבערלאָזן די טעכטער. אַזוי זיינען זיי אַלע געבליבן אין שטעטל ביזן שרעקלעכן אומגליק — די דייטשע אָקופּאַציע און דער טויט, אין יאָר 1941.

דאָס לעצטע מאָל האָט אונדזער מוטער פעסע געהערט פון איר גאַרזדער פאַמיליע אייניקע וואָכן נאָכן אויסברוך פון קריג, אין יולי 1941. אין אַ צעטל, וואָס איז געשיקט געוואָרן דורך אַ גוי פון גאַרזד, שרייבט

רבקה צו איר שוועסטער פעסע, אַז זייער פאָטער וואָלף־שמעון מיט זיין צען־יאָריקן אייניקל יחזקאל און אַלע יידישע מענער פון שטעטל זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד; די מוטער ליבע מיט די דריי טעכ־טער, רבקה, רויזקע און לאה מיט איר פינפיאָריקער טעכטערל רחל, זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע הייזער און אַריינגעזעצט גע־וואָרן אין אַ שטאַל אין אַ נאָנטן דאָרף לויגאַלן. צום סוף פון בריוול בעט רבקה פון איר שוועסטער, זי זאָל זיי העלפן און זיי ראַטעווען.

דאָס איז געווען דער לעצטער לעבנס־צייכן פון דער פאַמיליע אין גאָרזד! אונדזער מוטער פעסע האָט ניט געקענט זיי העלפן, ווייל דער אומגליק איז אויך געקומען אויף די קאָוונער יידן: געטאָ, קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן, הונגער און פאַרניכטונג. נאָר ווייניקע זיינען לעבן גע־בליבן, צווישן זיי: מיר ביידע שוועסטער און אונדזער מוטער פעסע. אונדזער פאָטער, שמשון קלמן מענדלסאָן, איז אומגעקומען אין אוישוויץ. אונדזער מוטער פעסע איז געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1941.

*

**אריה פראַק**

## ברל אַקרמן

משחר ימי אני זוכר את ברל אקרמן. משפחתי גרה באחד הבתים של הגרמני פרנץ. הבית שלו היה גדול וארוך כחצי ק״מ מהגבול הגרמני בדרך ללויגאַלן.

ברל אקרמן היה אחד מבעלי בתים החשובים בגורזד ואף על פי שלא היה איש דתי מובהק, היה נוהג ללכת להתפלל תפילה בציבור שלוש פעמים ביום בבית המדרש הגדול.

היה איש אוהב ספר וחובב לשונות זרות. כאיש משכיל שלט בכמה שפות, דיבר גרמנית צחה, רוסית וליטאית. את כל משלי קרילוב, למשל, הוא ידע כמעט בעל פה. היה טיפוס נדיר, אוהב נקיון ולבוש בקפידה. הקפיד מאד על סדר ונקיון. כל יום היה נוהג לקום בבוקר השכם והיה מנקה בעצמו את האדמה סביב הבית שלו וביתו היה דוגמא לבתים אחרים.

כאיש ספוג המסורת היהודית, ידע תלמוד, גמרא ומשניות והיה בחברותא עם ר' זבולון העניו ואף על פי שר' זבולון היה טרוד בעניני משפחתו, נהג ללכת לביתו של ברל לתת לו שיעור בגמרא, או בבית המדרש בזמן הפנוי שלו.

בביתו גרו שתי בנות אחיו שהיו יתומות. הן השגיחו עליו. ניהלו את הבית בסדר מופתי, שמרו על בריאותו וניהלו את המטבח. הן בישלו לו מאכלים אהובים עליו במיוחד. אחת מבנות אחיו, מאשה שמה, עלתה לארץ־ישראל ונפטרה בתל־אביב. השניה, כמדומני היגרה לאמריקה.

היות וביתו היה בקרבת הגבול הגרמני עד מלחמת העולם הראשונה לפני שליטא קיבלה את העצמאות כמדינה, סיפרו בעיירה שיתכן שברל התפרנס בכבוד מהברחות של כל מיני סחורות שהובאו ממחוז ממל. (ומי לא התפרנס מהברחות בזמן ההוא? כי תושבים שגרו בסמוך לגבול היו מתפרנסים באופן כזה).

ברל אקרמן נפטר בשיבה טובה בגיל 85, 10 שנים לפני פרוץ מלחמת העולם השניה ולפני השמדת יהודי גורזד.

תהא נשמתו צרורה בצרור החיים.

*

**רות קאַרק** (מבית קאַצין)

## ר' יצחק קאַצין

מיין פאָטער האָט געהייסן ר' יצחק קאַצין. אין גאָרזד האָט מען אים גערופן דער ראש־ישיבה. גאָרזדער געדענקען נאָך, אַז מיין מאַמען האָט מען גערופן „די ראש־ישיבה'טע".

מיין פאָטער איז געבוירן אין פלונגיאַן. ער האָט אין גאָרזד געגרינדעט אַ ישיבה, וווּ עס זיינען געקומען לערנען בחורים און קינדער ניט נאָר פון גאָרזד. עס זיינען אויך געווען קינדער זייער אָרעמע און מיין פאָטער האָט פאַר זיי געזאָרגט אַז זיי זאָלן האָבן וואָס צו עסן, און ניט איין מאָל האָט ער זיי באַזאָרגט אויך מיט וואַרעמע מלבושים אין די קאַלטע ווינטער־חדשים.

מיין פאַטער איז געווען אַ גרויסער למדן, אָבער זייער אַ ליבעראַלער מענטש. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געהאַלטן גרויס און פלעגט שטענדיק זיין אַ מחותן אויף אַלע שמחות ביי אָרעמע מענטשן. איך געדענק ווי ער פלעגט אַריינקומען אין שטוב פון בית־מדרש, ווינטער אין די גרויסע פרעסט און שניי, שפּעט אין אָוונט מיט דער קליינער לאַמטערן און האָט נאָך געהאַט געגוג געדולד און צייט פאַר יעדן אָרעמען וואָס פלעגט אַריינקומען אין הויז.

זומער פלעגן אָנקומען אין גאַרזד אָרעמעלייט פון אַנדערע שטעטלעך און מיין פאַטער פלעגט זיי געבן צעטעלעך ביי וועמען צו גיין עסן שבת. ער האָט געזאָרגט אַז יעדער ייד זאָל זיצן שבת ביי אַ יידישן טיש. די אורחים פלעגן געוויינלעך טרעפן זייערע בעלי־בתים פּרייטיק אין בית־מדרש און גיין מיט זיי אַהיים.

איין מאָל זיינען געבליבן אין שול דריי אָרעמעלייט, וואָס קיינער האָט זיי ניט גענומען. ווען מיין פאַטער האָט זיי געבראַכט אַהיים פון שול, האָט מיין מוטער, וואָס איז שוין געווינט געווען צו אורחים, געזאָגט: „דאָס מאָל האָב איך ניט גענוג עסן פאַר אַלעמען". מיין פאַטער האָט איר באַלד געענטפערט: „חיה, אַז דו וועסט צוגיסן צו דער זופּ אַביסל וואַסער און צולייגן אַ שטיקל הארץ, וועט זיין אַ גוטער זופּ פאַר אַלעמען"...

מיין ברודער שלמה געדענקען גאַרזדער אַלס אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט דעם טאַטנס גוטע האַרץ: ער האָט אויסגעהאָדעוועט 7 יתומים, — צווישן זיי אַ צווילינג, וועלכע זיינען געבליבן יתומים פון זייער געבוירן־טאָג. דאָס איז געווען אַ פאַמיליע, וואָס האָט געלעבט ניט ווייט פון אונדז — איך געדענק אַז מען האָט זיי גערופן „די יתומים".

רבקה נוה

# די פאַמיליע זילבערג

דאָס הויז פון די זילבערגס איז געווען איינע פון די סאַמע לעצטע הייזער אויף טאַמאַזשנע גאַס. הינטער די הייזער, האָבן זיך געצויגן פעל־דער, וואָס האָבן געפירט צום דייטשן גרענעץ — „די גרינע" — האָט מען דאָס גערופן ביי אונדז אין גאָרזד.

דאָס הויז איז געשטאַנען אין אַ גאָרטן און אַ טויערל פון גאַס, האָט געפירט צו אַ ווערענדע מיט פענצטערס, פול מיט בלומען־טעפּ.

שמואל־דוד איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים אין גאָרזד און זייער הויז איז געווען אַ צענטער פון געזעלשאַפטלעכער טע־טיקייט. אַלע אין דער פאַמיליע זילבערג האָבן אַקטיוו אָנגעפירט מיט דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעט אין גאָרזד. אַלס יונגוואַרג פלעגן מיר זיין שטאַלץ ווען עלאַ, אָדער עטאַ זילבערג פלעגן אונדז געבן דעם כבוד צו גיין אויף די הרקות. דאָס האָט געהייסן גיין איבער אַלע הייזער אין שטעטל און אויסליידיקן די קרן־קיימת פושקעס.

גאַנץ אָפט פלעגן קומען אין גאָרזד ציוניסטישע מנהיגים און פאַרטיי־מענטשן פון פאַרשיידענע ציוניסטישע גרופירונגען און אַלע זיינען אויפ־גענומען געוואָרן ביי די זילבערגס מיט כבוד ביי זיי אין הויז. דאָרטן האָט מען געזאָרגט ווי אַזוי צו איינאָרדענען אַ פאַרזאַמלונג, אַ פאָרשטעלונג, אָדער אַ בלימל־טאָג פאַר קרן־קיימת, אָדער פאַר קרן־היסוד.

קלמן זילבערג איז געווען דער פאָרזיצער פון אַ ריי קאָמיטעטן פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי צ.ב. די פייערלעשער, פאָלקס־באַנק און אַנדערע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס. גאָרזדער יידן האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ צו דער פאַמיליע זילבערג און צו זייער געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט.

פון דער משפחה זילבערג זיינען דאָ פּראָפעסאָר משה זילבערג אין ווענעצועלאַ און עלאַ זילבערג אין לאָנדאָן.

יצחק גליק

# ר׳ יאנקל גליק

אבא ר׳ יאנקל גליק נולד בגורזד לר׳ יצחק גליק סבי זצ״ל. סבא היה תלמיד חכם ואדם עשיר. אבי היה בין בעלי הבתים המכובדים של העיר גורזד. מקומו בבית הכנסת היה בכותל המזרח, יחד עם רבה של העיר. לאבא היו קוראים יאנקל גליק ולאמי הינדע דעם רב׳ס. כפי שהיה מקובל בתקופה ההיא, בני עשירים היו מתחתנים עם משפחות רבנים, כי הייחוס היה חשוב מאד. אבא היה חתנו של ר׳ יאָסעלה יפה, ממשפחת רבנים מזה 12 דורות. האיש כהן כרב בעיר סאַלאַנט ומשם עבר לשבת על כסא הרבנות בגורזד. לא עברו ימים רבים ור׳ יאָסעלה יפה נקרא לכהן לרב



ר׳ יעקב גליק

ראשי בעיר מנצסטר שבאנגליה. אבא היה יפה־תואר, גבה־קומה ובעל זקן עגול. הוא היה יהודי ישר, צנוע, דיקן וקפדן. בגדיו היו ללא רבב. זוכר אני את המגבעת השחורה שהיה חובש. בשבתות ובחגים היה חובש צילינדר גבוה ופראק ארוך. ומי לא זוכר את הפרוה („הפעלץ״) בעל הזנבות שהיה לובש בחורף. זכור לי היטב הבית שלנו על שתי קומותיו, מול ככר השוק. מאחורי הבית היו לנו שטחי אדמה שהשתרעו למרחקים.

היינו זורעים ירקות ובעיקר תפוחי אדמה ומלפפונים, ואבא היה שולח את הסחורה לעיר ממל. עבודת השדה הופקדה בידי גויים וגויות, ואבא היה משגיח עליהם. פרנסתו האחרת של אבא היתה עסקי משקאות חריפים. הגויים אהבו לשתות. ביום ראשון בשבוע ובימי השוק והיריד היו באים מהכפרים גויים רבים והבית היה מלא איתם. במלחמת 1914 ברחנו מגורזד עד אחרי המלחמה. כשחזרנו מצאנו את הבית שרוף ומצבנו הכלכלי היה בכי רע. אבדנו את אמנו היקרה. היא נסעה לפני המלחמה לבקר את הוריה באנגליה ובגלל המלחמה לא יכלה לשוב הביתה. אמא חלתה ונפטרה באנגליה. על אבא הוטל מעתה התפקיד לגדל את הילדים. זכורני שגרנו אז ברחוב בו היו מעט יהודים וגם בעל הבית שלנו היה גוי. זה היה סמוך לבית הקברות של הגויים. וכילדים עורר בנו המקום הזה סקרנות וגם פחד.

חלמנו על ארץ־ישראל. אבא היה ציוני מסור ונאמן. מה רב היה אשרו כאשר זכה ליום העליה לארץ. יהודי גורזד שמחו אתנו ולא מעט קנאו בנו. אבא, אחותי האנצה עם בעלה ואחותי שרה — עלינו לירושלים. אבא לא עזב את ירושלים עד יומו האחרון. הוא נפטר בגיל 82 ונטמן בהר הזיתים.

יהי זכרו ברוך.

**אבא זוסמנוביץ**

## ר' זוסע זוסמנוביץ

אבי זוסע „דער אורמאַכער" התפרנס על תיקון שעונים. בזמנו הפנוי עסק בצרכי ציבור. הוא היה חבר בהנהלת הבנק ופעיל בענינים ציבוריים שונים. בצעירותו היה המפקד ב„מכבי אש" (את התפקיד הזה ירשתי אני ממנו).

על אומנותו הטובה של אבי בתיקון שעונים התהלך במשפחה סיפור מעניין. שעון־העיר, שהיה על מגדל בקירבת גן־העיר, לא פעל משך שנים רבות, כי לא נמצא מי שיוכל לתקנו. עד שבא זוסע „דער אומאַכער", שהצליח לתקנו באמצעות גלגל קטן שעשה במו ידיו. כתמורה על העבודה הזאת נתן לו הגרף מתנה גדולה: עצי־בנין וחמרים אחרים להקמת בית של שתי קומות. בבית זה גרה המשפחה עד מלחמת העולם הראשונה, שבה פרצה שריפה גדולה בגורזד, וגם ביתנו נפל למאכל־אש. אבא זכה לעלות לארץ־ישראל וחי בהרצליה עד פטירתו.

*

**שושנה ודינה** (לבית מגיד)

## סבתא צביה קצין

כשעלינו ארצה וכילדים קטנים ועיירת מולדתנו, גורזד, כמעט ולא נשארה טבועה בזכרוננו. ובכל זאת גורזד קרובה ללבנו מאד, כי היא מתגלמת בעינינו בדמותן של סבתנו צביה קצין, ואמנו יהודית מגיד. באישיותן המיוחדת הן מייצגות לגבנו את העיירה בליטא. הסבא נתנאל קצין לא הכרנו אישית.

הסבתא היתה אשה צדקת במלא מובן המילה.

היא לימדה אותנו מהי אהבת בריות אמיתית ועשית חסד עמהם. ביתה היה פתוח תמיד לכל פונה ודורש. עניי תל־אביב הקטנה הכירו

אותה ואהבוה. אם מתדפק איש מהם על דלתה בבקשת נדבת כסף, לא יצא מתחת ידה ללא צלחת מרק חם בחורף ומשקה מרענן בקיץ.

היא היתה אשה דתית מתוך אמונה פנימית עמוקה.

בצעירותה נפטר בנה הקטן ממחלה. הלויתו נערכה ביום ששי. עם כניסת השבת לבשה את בגדי החג, ברכה על הנרות וקידשה את השבת. „שבת היום" אמרה — „אסור להתאבל". רק לאחר צאת השבת התמסרה ליגונה הכבד.

עם היותה דתית ושומרת מצוה קלה כחמורה, היתה בה סובלנות רבה כלפי הבריות. היא ידעה להבין את הזולת, ולהבין — פירושו לסלוח. היא ניחונה בפתיחות לכל הנעשה בעולם.

הסבתא היתה אשה „יודעת ספר". אנו זוכרות אותה יושבת רכונה על גבי ספרים, בעיקר ספרי קודש ומאמרי חז"ל.

שיחותיה הצטיינו באינטליגנציה רבה ומקוריות, ועם זאת היתה ענוה וצנועה. מעולם לא שמענו מפיה דברי רכיל. היא ידעה למצוא נתיבות ללבם של צעירים שאהבו לשהות במחיצתה ולהנות מחכמתה ומאישיותה המקרינה.

אהבנו לשמוע מפיה סיפורים על עיירת הולדתה, על האנשים המופ־לאים שהיו שם ועל אחיה שהיו אנשי־רוח.

עד היום מסמלת הסבתא בעינינו את הטוב והיפה שבאדם.

תכונות מיוחדות אלה שלה הורישה לבתה היחידה — אידה מגיד.

האמא היתה יוצאת דופן לגבי בנות דורה בהשכלתה הרחבה, בשליטתה המושלמת בשפות רבות ובכושרה האינטלקטואלי. היא היתה בקיאה בספרות העולם וידעה להלך בין הבריות. גם היא נחונה בפתיחות ובסובלנות כלפי הזולת.

אשריך גורזד שאלה היו בנותיך!

**חסיה שיף** (פלאַטוס)

# שמואל יעקב וזיסע פלאטוס

אבי ר׳ שמואל יעקב פלאטוס נולד בלוקניק ואמי זיסע פלאטוס נולדה בשם ארנשטיין בגורזד.

אמי היתה אשה צדקנית והתענינה תמיד בגורלם של אנשים עניים, ליבה היה נתון לעזור לנצרכים. בכל יום חמישי היא הכינה לשבת לא רק עבור משפחתה, אלא גם בשביל משפחה עניה שחיכתה כבר בשמחה לשבת. כמעט כל הלילה אמי בישלה כל המאכלים ואפתה החלות ובערב שבת האשה היתה מופיעה לקחת מאמי את כל המאכלים והיתה שמחה שיש לה מה לתת לילדיה לכבוד שבת.

כך חיו יהודים בעיירות הקטנות בליטא.

בשבת אחה״צ היו מתאספים בבית אמי כמה נשים ואמי היתה קוראת לפניהן הסדרה ב„צאנה וראנה״.

אבי היה למדן גדול והוא היה גם שוחט בכמה ערים בגרמניה. היה איש ישר והיה מסור ללימוד התורה וקיום המצוות. אני זוכרת שהיה קם בשעה 3 בלילה ללמוד תורה. אחרי פטירת אבי בשנת 1930 נשארנו אמי ואני לבדנו, מפני שאחי הגרו לגרמניה ואחר כך לאוטרליה ולישראל. בזמן הזה התחלתי להתעניין בתנועה החלוצית „הפועל המזרחי״ והייתי המזכירה של „הפועל המזרחי״ בגורזד. נוסד חוג לתנ״ך והשיעורים התקיימו בביתנו בהנהלת זאב שאבל. במסגרת תפקידי הייתי בקשר עם ההנהלה הארצית של „הפועל המזרחי״ בקובנו, בביתנו התאספו חלוצים וחלוצות שבאו מעיירות שונות שבליטא להכשרה לגורזד ומצאו בית חם אצל אמי הטובה.

עלינו ארצה בשנת 1936 וזה היה בשבילנו הגשמת כל שאיפתנו. באותן השנים החיים בארץ לא היו קלים, אבל היינו מאושרים ושבעי רצון. אמי היתה כל השנים אתנו ביחד. היא תמיד אמרה שבזכות המצוות והמעשים הטובים שעשתה בחייה נשארנו בחיים וניצלנו מהשואה.

אמי נפטרה בשנת 1953. אני נזכרת בכבוד גדול בהורי היקרים. והדורות הבאים ידעו ויספרו שבעיירות הקטנות שבליטא חיו יהודים שהיו עמלים בתורה והיו פקחים וטובי לב.

# ר׳ שמואל יעקב און זיסע פלאַטוס

ר׳ שמואל יעקב פלאַטוס, איז געבוירן געוואָרן אין לוקניק און זיסע פלאַטוס, (געבוירן אַרענשטיין), אין גאָרזד.

מיין מוטער זיסע איז געווען אַן אשה־צדקנית. זי האָט זיך אַלע מאָל פאַראינטערעסירט מיט אָרעמע מענטשן, איר האַרץ איז שטענדיק געווען צו העלפן אַ צווייטן.

אַז עס פלעגט קומען שבת נאָך מיטאָג, פלעגן אייניקע פרויען קומען צו איר אין שטוב, און זי פלעגט זיי פאָרלייענען פון דער שבתדיקער סדרה. און אַז עס פלעגט קומען דאָנערשטיק אָוונט, פלעגט זי זיך שוין





שמואל וזיסע פלאַטוס

נעמען גרייטן צו מאַכן דעם שבת ניט נאָר פאַר איר אייגענער משפחה, נאָר אויך פאַר אַ געוויסער פאַמיליע. אַט די דאָזיקע פאַמיליע פלעגט שוין מיט שמחה וואַרטן אויפן שבת. די מאמע פלעגט כמעט די גאַנצע נאַכט קאָכן די שבתדיקע מאכלים און באַקן די חלות. פרייטיק פלעגט די פרוי קומען און דאָס אַלצדינג אָפּנעמען.

די פרוי פלעגט זיך באַווייזן ביי אונדז מיט אַ טרויעריקע מינע און דאָך מיט אַ פרייד, אַז זי וועט האָבן וואָס צו ברענגען פאַר די קליינע

קינדער צו געבן זיי שבתדיקן עסן און דערמיט צו באַשיינען דעם הייליקן שבת.

אַזוי האָבן יידן געלעבט אין די קליינע שטעטלעך פון ליטע.

מיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער למדן. ער איז געווען אַ שוחט אין פאַרשידענע שטעט אין דייטשלאַנד. ער איז געווען אַן איש ישר און איבערגעגעבן צו לערנען און מקיים זיין די תורה מיטן גאַנצן לעבן. איך געדענק נאָך, ווי ער פלעגט אויפשטיין דריי אַזייגער פאַרטאָג און זיך זעצן לערנען.

ווען מיין פאָטער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1930, זיינען מיר ביידע, מיין מוטער און איך, געבליבן אַליין, ווייל מיינע ברידער האָבן אויסגע־וואַנדערט קיין דייטשלאַנד און שפּעטער אין אויסטראַליע.

אין יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן זיך צו פאַראינטערעסירן מיט דער חלוצישער באַוועגונג פון „הפועל המזרחי" און בין געוואָרן די מזכירה פון „הפועל המזרחי" אין גאָרזד. עס האָט זיך געגרינדעט אַ חוג פון תנ"ך וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין שטוב אונטער דער אָנפירונג פון זאב שאָוועל. אין די ראַמען פון מיין טעטיקייט, בין איך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער הנהלה פון „הפועל המזרחי" אין קאָוונע.

צו אונדז אין שטוב פלעגן שטענדיק קומען חלוצים און חלוצות, וועלכע זיינען געקומען אין גאָרזד אויף הכשרה. מיין גוטע מאַמע האָט געהאַט פאַר זיי אַ וואַרעמע האַרץ.

אין יאָר 1936 זיינען מיר אָנגעקומען אין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען פאַר אונדז די פאַרווירקלעכונג פון אַ לאַנגיאָריקן גרויסן אידעאַל. אין יענע צייטן איז דאָס לעבן אין ארץ־ישראל ניט געווען לייכט, נאָר מען האָט זיך געפילט גליקלעך און צופרידן. מיין מוטער איז געווען אַלע יאָרן מיט אונדז צוזאַמען. זי פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז אין זכות פון די מצוות און מעשים־טובים, וואָס זי האָט געטאָן אין איר לעבן, האָבן מיר זיך געראַטעוועט פון היטלערן י"ש.

מיין מוטער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1953.

איך וועל שטענדיק געדענקען מיינע טייערע עלטערן אין גרויס כבוד, און די קומענדיקע דורות זאָלן וויסן, אַז אין די קליינע שטעטלעך פון ליטע האָבן געלעבט יידן מיט אַ סך תורה, חכמה און גוטהאַרציקייט.

**חנה אסיף—מנדלסון**
**בתיה מטלון—מנדלסון**

## מצבת זכרון

**לזכר סבא זאב (וולף) שמעון שטור,**
**סבתא ליבע שטור,**
**הדודות:**
**רבקה שטור,**
**רויזקע שטור,**
**לאה זוסמנוביץ-שטור,**
**וילדיה:**
**יחזקאל ורחל**

שנספו בשואה. הי"ד.

וולף-שמעון וליבע שטור מגורזד היו הורי אמנו, פסיה מנדלסון. אנו שתי בנותיה, חנה ובתיה, נולדנו וגרנו בקובנה, אך אהבנו מאוד את העיירה גורזד וברצון נסענו לשם בקיץ, יחד עם אמנו או בלעדיה.

זוכרות אנו את הבתים והרחובות בגורזד: את הכיכר במרכז העיירה, בו התקיים השוק כל יום ה' בשבוע; את החורשה ליד העיירה, שהאנשים קראו לה „גן"; את הנהר מיניה המתפתל בקרבת העיירה בו היינו מתרחצות בימי קיץ חמים; את הרחוב הראשי שהוביל לגבול הגרמני הישן עם בית המכס הישן. אך בעיקר זוכרות אנו את בית סבא וסבתא.

הבית עמד על גבעה קטנה ולכן אפשר היה להשקיף ממנו על הנוף היפה, המרהיב ועל הבתים והרחוב בסביבה. ליד הבית היתה רפת ובה פרה אחת או שתיים. לפעמים נוכחנו בשעת החליבה ושתינו מהחלב הטרי והחמים. מאחורי הבית היה גן ירקות קטן ולול תרנגולות.

זוכרות אנו את יום הכביסה. בבוקר השכם היו הנשים במשפחה יחד עם המשרתת מעמיסות על עגלה את הכבסים והדודים הגדולים ונוסעות



וולווה שטוך ומשפחתו

אל שפת הנהר. שם הבעירו מדורה ועליה הרתיחו את הדודים עם הכב־סים. בסוף הכביסה לקחו את הכבסים לנהר לשטיפה במי הנהר הזורמים.

וולף־שמעון נולד בעיירה הסמוכה לגורזד, דורביאַן. אביו, יעקב־צבי, הוסמך לרבנות, אך לא רצה לעשות את התורה קרדום לחפור בו, ולכן התפרנס בכבוד ממסחר בדים. הוא למד בישיבה זמן רב, היה בחור מוכשר ויפה־תואר, היה רווק מבוקש והוצעו לו שידוכים רבים. אך בסוף התחתן עם בת גורזד, ליבע הליג. הם הקימו ביתם בגורזד וגרו בה עד מותם הטראגי בשואה.

והנה מה ששמענו על שנות נשואיהם הראשונות:

וולף־שמעון טען שאשתו הצעירה, ליבע, אינה יודעת לאפות חלות לשבת, והעדיף את החלות שאפתה אמו. לכן כל שבוע הביא העגלון את חלות אמו מדורביאַן לגורזד. דבר זה חרה לאשתו ליבע והיא עשתה קנוניה עם העגלון.

יום אחד היא אפתה חלות לשבת ומסרה אותן לעגלון. זה הביא אותן לביתם כאילו הובאו כרגיל מדורביאַן. וולף־שמעון שיבח את החלות ואז גילתה לו אשתו שהחלות הן מעשה ידיה. מאז הופסק משלוח החלות.

ארבעה בנים וארבע בנות נולדו להם. הבנים היגרו כולם לדרום־אפריקה. הבכור אביגדור (ויקטור) נסע לשם בשנת 1909 בהיותו בגיל 15 בערך. אחריו היגרו שמואל (סם), מאיר (מקס), והירש (הרי). הבנות נשארו בליטא, והבכורה מהן, פסיה, נישאה לשמשון־קלמן מנדלסון מקובנה ועברה לגור אליו. שלוש הבנות האחרות נשארו בגורזד. הבת לאה היתה יפהפיה, סיימה גימנסיה גרמנית בעיר ממל, ונישאה לרפאל זוסמנוביץ בשנת 1930. החתונה המפוארת התקיימה בממל במלון פאר „הוטל ויקטוריה". הם השתקעו בגורזד ונולדו להם שני ילדים, יחזקאל ורחל. שתי הבנות הצעירות יותר, רבקה ורויזקע, היו רווקות וגרו עם הוריהם.

בזמן מלחמת העולם הראשונה נשרף ביתם הגדול של משפחת שטוך, שנבנה רק שנים מעטות קודם לכן. בגלל המלחמה, ברחו בני המשפחה מגורזד ומצאו מחסה בעיירות סמוכות. כשחזרו לגורזד, הקימו בית חדש וצנוע. הם התפרנסו מחנות לכלי־בית ומטבח.

וולף־שמעון עמד בראש הסניף המקומי של הבנק היהודי „פאָלקס־באַנק" ובתוקף תפקידו היה בא מדי פעם לקובנה לכנס מנהלי ה„פאָלקס־באַנק". אז, כמובן, היה מתארח אצלנו וכל בני משפחתנו וידידינו היו מתפעלים מהופעתו הנאה והמרשימה: היה גבה־קומה, זקוף, עם שפם קטן. לבוש היה בקפידה לפי האופנה. שמענו גם שהיה לו לוולף־שמעון תפקיד כבוד בדואר של העיירה. שני התפקידים, בבנק ובדואר, מילא ללא תמורה כספית, בהתנדבות.

היה בעל קול ערב. ביום כיפור היה משמש כחזן בבית־הכנסת. גם בשבת שלפני „יאָרצייט" לאביו היה עובר לפני התיבה ובקולו הערב גרם עונג רב לקהל המתפללים.

בסוף שנות השלושים הוא חיסל את חנותו. מאז התקיימה המשפחה מתמיכת הבנים בדרום־אפריקה. הבנים רצו להביא אליהם את הוריהם, אך להורים היה קשה להחליט. האם ליבע טענה, שלא תוכל להגר ולהשאיר את בנותיה. וכך נשארו כולם בעיירה עד בא השואה הנוראה, הכיבוש הגרמני ושם מצאו את מותם בשנת 1941.

בפעם האחרונה שמעה אמנו פסיה מהמשפחה בגורזד שבועות אחדים אחרי כיבוש העיירה ע״י הגרמנים, כלומר בחודש יולי 1941. קיבלנו אז פתק ע״י שליח ליטאי שבא משם. בפתק כתבה הדודה רבקה אל אחותה פסיה, שהאב וולף־שמעון ונכדו יחזקאל בן העשר נלקחו לגרמניה יחד עם כל הגברים היהודים מהעיירה, ואילו האם ליבע ושלוש בנותיה, רבקה, רויזקע, ולאה עם בתה בת החמש, רחל, גורשו לכפר סמוך ושוכנו בתוך אסם גדול. בסוף הפתק ביקשה רבקה מאחותה פסיה שתעזור להם ותציל אותם!

זה היה סימן החיים האחרון מגורזד. אמנו פסיה לא יכלה להצילם, כי גם על יהודי קובנה באה השואה: גיטו, מחנות ריכוז, רעב והשמדה. רק מעטים ניצלו וביניהם אמנו פסיה ואנו — שתי בנותיה. אבינו שמשון־קלמן מנדלסון ניספה באושביץ. אמא נפטרה בישראל בשנת 1969.

בן־ציון גלוין

## גאָרזד אין גראַמען

בערע־שמואל־האָגעס און יאָשע־עליע דער שמש.
זיי זיינען געווען באַרימטע רעקלאַמעס...

איר קענט מיר זיכער גלויבן
אַז איך קען ניט פאַרגעסן
ווען דעם טויבן
מיינע האָר האָט ער געשוירן
אַזוי האַסטיק אַזוי גיך
און אויף מיין קאָפּ האָט
ער געלאָזן, נשקשה, אַ פליך...

איך האָב זיך דערמאָנט אַן אַ וויכטיקן פּערזאָן
אַלע ווייסן ווער ער איז געווען,
אין בית־המדרש איז געווען זיין געלעגער
ער האָט געהייסן איצע דער וואַסער־טרעגער.

איך געדענק נאָך אַזוי גוט גערשע־פּייווען מיין רבין,
ווי ער פלעגט אונדז קניפּן און אויף פּעטש געגעבן.
ער האָט אונדז באמת אין „חדר" געטריבן
אָבער פון זיינע קניפּ איז קיין צייכן ניט פאַרבליבן.

האָגע־מירע איז אַלעמען געווען אַ געטרייע
די רעשטע איז זי געלאָפן צו אַ לויה
קולות מיט געשרייען אַן אַ שיר
מען האָט געקענט מיינען,
אַז דאָס האָט געטראָפן ביי איר.

ביילקע מיט גוטקען
געלאַכט מיט אַ שמייכל אַ פולן
איך געדענק נאָך זייער פאָטער
דעם אַלטן ר׳ זבולון.

שעווע די קאַליקע
האָט ביי קיינעם ניט געפרעגט קיין עצות
און שלעפּן די מילך אויף אירע פּלייצעס;
פון קיין זאַך האָט זי ניט געוואָלט וויסן,
און אַלע מאָל פלעגט זי די מילך אויף דער ערד אויסגיסן.

שבת ביי אונדז אין שטעטל
איז געווען אַ גרויסער איבערפאַל
אַלע זיינען געלאָפן טרינקען
די וואַסער פונעם קוואַל.

איך וועל שוין מאַכן
אַ סוף צו מיינע גראַמען;
אויב עס איז דאָ
אין די גראַמען אַ גרייז;
איך געדענק נאָך לייבע דעם שניידער
ווי ער פלעגט שווימען ווינטער אין די אייז...

אריה פראק

# שלמה מילנר

## זכרונות של חבר

שלמה מילנר נולד בגורזד, בשנת 1913. בבחרותו למד תורה באחת הישיבות הגדולות בליטא ואח״כ הצטרף לתנועה החלוצית הדתית. עם עלותו ארצה בשנת 1934 עבר לחיי עבודה ורבות הן העבודות בהן עסק, החל בכיבוש השממה ועבודות במפעל ים המלח וכלה במפעל החלוצי לבניית סירות על שפת ימה של תל־אביב ועל גדת הירקון. בשנת 1942 נענה לקריאת המוסדות הלאומיים והתנדב לצבא הבריטי ללחום נגד הצורר הנאצי ומשם עבר לבריגדה והשתתף בנדודיה על פני אירופה. בתום המלחמה חזר לחיי עבודה כפועל בנין בת״א והקים בה משפחה.

באפריל 1947 הצטרף לקואופרטיב „נדבך". היה חבר צנוע ושתקן, לא ביקש להתבלט, מילא חובתו בדייקנות ובמסירות המיוחדת לו. מקצוע זה שאינו מאפיין בעבודות קלות, עבודתו היתה הקשה ביותר שרבים התנסו בה ונכשלו. הוא הסתגל למקצועו במהירות מפליאה והשיג שיא בלתי־רגיל בפריון עבודה. נוסף לכך יחסו לעבודה היה אחראי מאוד וחבריו חשו בהיעדרו ממנה. היה נוהג לרשום בפנקסו כל הפרטים הנוגעים לעבודה, הרכב החמרים, וכו׳, ולא היה זה מתפקידו, אך גישתו לעבודה המריצה אותו לעשות מעל חובתו. גישתו לעבודה היתה כשל אדם אינטליגנטי, השואף להכיר דבר־דבר לאשורו ולא למלא אוטומטית פקודת ממונים עליו. משירותו בבריגדה השאיר יומן גדוש פרטים על מאורעות הימים, אך קורותיו במלחמת השחרור לא זכה להעלות על הניר.

ביום הכרזת המדינה התגייס יחד עם חבריו הצעירים ממנו. גילו הקשיש יחסית הקנה לו זכות לשירות קל יותר וגם הריונה של אשתו זיכה אותו בהקלות, אך הוא נשלח לחזית וכדור אויב קיפח את חייו.

חברינו שלמה מילנר נפל ביום כ״ב אייר תש״ח — 30 במאי 1948, שבועיים לאחר התגייסותו. לא זכה לראות את פני ילדתו אשר ציפה לה ברטט־גיל.

שלמה ישאר בזכרוננו כסמל הנאמנות והמסירות לעם ישראל ולארצו, למשפחתו לעבודתו ולערכי החיים, וכאלו היו כל יהודי גורזד אשר הלכו אחר צו ליבם למלא התקווה של העם היהודי. — ת. נ. צ. ב. ה.

**אידה קמיל**

# נחום מנט

נחום מנט בן ישעיהו ושיינה — נולד בשנת 1916 ונפטר ב־28.6.78

נחום ורפאל מנט היו התאומים, בני הזקונים אשר התיתמו משני ההורים בגיל שנה; היו לו עוד שני אחים ו־4 אחיות אשר כולם נרצחו בידי הרוצחים הגרמנים.

הוריו מתו בשבוע אחד ממחלת הטיפוס. סיפרו עליהם שהבנה וחיבה רבה שררו ביניהם ועליהם נאמר: „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו". רוח זו של אחדות וחיבה ומסירות שררה בין הילדים. „הילדים" — „די קינדער" כך קראו להם בעיירה כי היה זה מקרה יוצא



נחום מענט

דופן שילדים נשארו בבת־אחת יתומים מאב ואם... אחות האב גידלה אותם באהבה רבה עד שהבנות התבגרו והחלו לנהל את משק הבית ושני הבנים הגדולים נרתמו בגיל צעיר לעבודה ולפרנסה.

נחום הצטרף לתנועת המזרחי בגיל 16 ויצא להכשרה במגמה לעלות לארץ, למרות התנגדות המשפחה הוא החליט שעתידו — בארץ־ישראל בגיל 19 עלה לארץ. בהתחלה עבד בכפר־סבא כפועל חקלאי, אחר־כך

עבר לכפר יהושע וגר אצל משפחה חקלאית, אצלה הוא עבד. כבן היה במשפחה, ואין פלא, כי מי לא חיבב צעיר חייכני, טוב־לב וטהור מידות כמוהו. בשנת 1941 והוא בן 24 התגייס לבריגדה היהודית. את האימונים בצבא הבריטי קיבל בסביבת יריחו ולאחר מכן עבר למצרים.

תנאי החיים המדבריים היו קשים והשפיעו על בריאותו; הוא לקה בריאותיו ואושפז בבית חולים צבאי ומשם עבר למוסד לחולי ריאות בירושלים. ארבע שנים שהה במוסד זה, בריאותו השתפרה במקצת, בבית החולים טיפלה בו בחורה ירושלמית — טובה. היא התקשרה אליו מאד. ערב מלחמת השחרור שרר מחסור במזונות ומים בירושלים, לכן העבירה הממשלה הבריטית את החולים ליפו. טובה הלכה אחריו ושם נישאו. דבורה מרין מבית בורשטיין מגורזד ערכה להם את החתונה, חתונה צנועה של הימים ההם. שנתיים אחרי נשואיהם פנתה טובה לממשלת בריטניה לאשפז את נחום בסנטוריום בשוויץ, שכן הוא נחשב לנכה־מלחמה שלהם. היות ומצב ריאותיו הורע. ואכן הוא נשלח לשנתיים להבראה לשוויץ. בחוזרו לארץ השתפר מצב בריאותו ונולדה להם הבת הבכירה יפה. לא היה קץ לשמחתו. ובשנת 1956 נולד להם הבן ישעיהו יבל״א. מעתה שמות ההורים חזרו לחיים, הן הוא היחידי נשאר שומר גחלת המשפחה.

בהיות הילדה יפה בת 10 חלתה בסרטן המוח ועברה ניתוח מסובך. הניתוח הצליח, כביכול. אשתו טובה הסתירה ממנו את האמת המרה, אך יפה נפטרה בגיל 13 וחצי.. היו לו כנראה כוחות נפשיים כבירים שעזרו לו להתגבר ולהתאושש. בשנת 1963 נולדה הבת סימה. במסירות ובאהבה רבה טיפל בילדים.

מספר הבן: אבי נחום, אין לתאר את טוב־ליבו. תמיד חייך וצהל לקראתנו אף פעם לא הרים יד להכותי. כשלא התנהגתי כראוי הוכיח אותי ברכות ובאהבה. גם בלימודים עזר לנו ועודד אותנו. מספרת הבת: קשה לתאר את אהבתו ודאגתו אלי עד רגעיו האחרונים. תמיד דיבר אלי והסביר לי בנועם ובעדינות. סיפוריו היו על ילדותו, ביתו וחבריו.

לפני שסיימתי את בית הספר היסודי חלה אבי ומצב בריאותו התדרדר. הוא נחלש וראייתו נפגעה. ענן שחור ירד על הבית. השתדלנו לעודד אותו והוא מצידו השתדל לא ליפול עלינו למעמסה אבל מחלתו התגברה על רצון החיים שלו. נלקח לבית החולים. שלושה חודשים נלחם עם המוות ולא יכול... יהא זכרו ברוך.

# די בעקערקע שרה

דאָ וווינט די בעקערקע שרה.
דאָס שטיבל מיט פענסטערלעך דריי,
אין פענסטערלעך בייגל און חלה,
און דער בלויער הימל מיט זיי.

דער הימל פון זומער פאַרנאַכט,
די זון — אַזאַ גאָלדענער באַל:
דאַכט זיך, זי שפּילט זיך מיט קינדער
און יאָגט זיך אַרומעט מיט זיי.

ליטווינער קומען פון דערפער
מיט דעם גרויען באַגינען אויף טאָג,
און שרה גרייט זיי דעם טיש צו
מיט הערינג, מיט בייגל און טיי —

און קוועלט ווי זיי עסן דעם מאָלצייט.
„ער, סאַרקעלע — רופן זיי אויס,
די יידעלעך — טייערע מענטשן,
אַ לעבן אויף זייערע קעפּ״.

און שרה קלאַפּט זיי די פּלייצעס:
„עסט, טאַטעלעך, עסט!״
און לויפט אום פון איינעם צום צווייטן
און רוט זיך פון אַרבעט ניט אָפּ.

נאָר פרייטיק פאַרנאַכט ווערט פאַרשווונדן
יעדערער שפּור פון געשעפט.

אין פענצטערלעך ליכט געבענטשטע,
און שרה — שבתדיק, שטיל.

און איינע־אין־איינע די שטיבלעך
ווערן באַשטראַלטע מיט ליכט:
אַ סימן פון רו און פון פרידן —
אַ קלאָר־ווייסע פּאַן נאָך אַ קריג.

# שואה וחורבן

...על במותיך חלל. איך נפלו גיבורים
(ש״ב — א׳ — י״ט)

ויקם עדות ביעקב...
למען ידעו דור אחרון, בנים יולדו
יקומו ויספרו לבניהם
(תהילים ע״ח ה־ו)

מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה
ואבכה יומם ולילה את חללי בת־עמי
(ירמיהו ח—כ״ג)




ולקחתי אתכם אחד מעיר
ושנים ממשפחה
והבאתי אתכם ציון
(ירמיהו ג־יד)

על אלה אני בוכיה,
עיני יורדה מים
(איכה א׳—טז)





## אל מלא רחמים

— הביטו וראו, אם יש מכאוב
כמכאובי, אשר עולל לי —
— קוקט און זעט, צי איז דאָ
אַזאַ ווייטיק, וואָס איז מיר
אָנגעטאָן געוואָרן.

(מגילת איכה)



יצחק קאַצענעלסאָן

# דאָס ליד פונעם אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק

— ווי קאָן איך זינגען — אַז ס׳איז די וועלט מיר וויסט ?
ווי קאָן איך שפּילן מיט פאַרבראָכענע הענט ?
ווּ זענען מיינע טויטע ? איך זוך די טויטע מיינע, גאָט, אין יעדן מיסט.
אין יעדן בערגל אַש — אָ, זאָגט מיר ווּ איר זענט ?

שרייט אַרויס פון יעדן זאַמד, פון אונטער יעדן שטיין,
פון אַלע שטויבן שרייט, פון אַלע פלאַמען, פון יעדן רויך —

ס׳איז אייער בלוט און זאַפט, עס איז דער מאַרך פון אייער ביין,
ס׳איז אייער לייב און לעבן! שרייט אַרויס, אַרויס, שרייט הויך!

שרייט אַרויס פון חיות־אינגעווייד אין וואַלד, פון פיש אין טייך —
איך וויל אַ געוואַלד, אַ ווייגעשריי, אַ קול, פון אייך,
זיי האָבן אייך געגעסן. שרייט פון קאַלכאויוונס, שרייט קליין און גרויס,
שריי, אויסגעהרגעט יידיש פאָלק, שריי אַרויס!

אָ, ווייז זיך מיר, מיין פאָלק, באַווייז זיך, שטרעק די הענט
אַרויס פון גריבער טיף און מײַלן־לאַנג און אָנגעפּראָפּט געדיכט,
שיכט אונטער שיכט, מיט קאַלך באַגאָסן און פאַרברענט,
אַרויף! אַרויף! שטייגט פון דער אונטערשטער, דער טיפסטער שיכט!

קומט אַלע פון טרעבלינקע, פון סאָביבאָר, פון אָשוויענטשים,
פון בעלזשיץ קומט, קומט פון פּאָנאַרי און פון נאָך, פון נאָך!
מיט אויגן אויפגעריסן, פאַרגליווערטע אַ געשריי, אַ געוואַלט און אָן אַ שטים
פון זומפּן קומט, פון בלאָטעס איינגעזונקען טיף, פון פוילן מאָך —

קומט, געטריקנטע, צעמאָלענע, צעריבענע, קומט, שטעלט זיך אויס,
אין אַ קאַראַהאָד, אַ ראָד אַ גרויסן אַרום מיר, איין גרויסע רייף —
זיידעס, באָבעס, מאַמעס מיט די קינדערלעך אין שויס —
קומט, ביינער יידישע פון פּראָשקעס פון שטיקלעך זייף.

אני הגבר, איך בין דער מאַן, וואָס האָט זיך צוגעקוקט, וואָס האָט געזען
ווי מען האָט די קינדער מיינע, מיינע פרויען, מיינע יונגע און מיינע אַלטע לייט
אין וועגענער געוואָרפן, ווי שטיינער זיי אַריינגעשילדערט דאָרט, ווי שפּען,
און געשלאָגן זיי גאָר אָן רחמנות און גערעדט צו זיי פאַרשייט.

און איצט? איר זענט וואַגאָנען, לאַסט־וואַגאָנען איצט, איר קוקט זיך צו,
איר שטומע עדות פון אַ לאַסט אַזאַ און פון אַזאַ אַ פּיין און פון אַזאַ אָ נויט!
איר האָט זיך שטומע און פאַרמאַכטע צוגעקוקט, אָ, זאָגט וואַגאָנען, ווו
איר פירט, איר האָט דאָס פאָלק, דאָס יידישע, אַרויסגעפירט צום טויט?

די ערשטע אומצובערענגען זען׳ געווען קינדער, יתומימלעך פאַרלאָזענע,
עס הייסט
דאָס בעסטע אויף דער וועלט, דאָס שענסטע וואָס די ערד, די פינצטערע,
פאַרמאָגט!
אַ, פון די עלנטע יתומימלעך און קינדערהיימען וואָלט געוואַקסן אונדז אַ טרייסט,
פון די אומעטיקסטע, שטומע פנימלעך, די חושכדיקע, וואָלט געטאָגט אונדז,
וואָלט געטאַנצט!

זיי זען׳ געווען די ערשטע, די גענומענע צום טויט, די ערשטע אויף דער פור,
מען האָט געוואָרפן אין די וועגענער די גרויסע זיי, ווי הויפנס מיסט, ווי מיסט —
און אַוועקגעפירט זיי, אויסגעהרגעט זיי, פאַרניכט זיי, ס׳איז קיין שפור
פון זיי, פון מיינע בעסטע, ניט געבליבן מער! אַך ווי איז מיר און ווינד
איז מיר און וויסט!

עס וועט די זון מער אין איר אויפשטייג איבער קליין אַ שטעטעלע אין ליטע
אין פוילן ניט טרעפן שוין אַ ייד
אַ ליכטיקן אין פענצטער, אַן אַלטיטשקן, אַ זאָגנדיקן אַ קאַפּיטל תהילים
און אַ צווייטן גייענדיק אין שול —
עס וועלן אַלץ נאָך פויערן אין פורן אויף אַלע וועגן איר אַנטקעגן פאָרן,
זיי וועלן נאָך פאָרן צום יאַריד,
אַזוי פיל גוים — געוואַלד! מערער נאָך ווי פריער! און דער מאַרק,
דער מאַרק איז טויט, דער מאַרק איז פול און איז ניט פול!

עס וועט אַ ייד ניט מער באַשיינען די יאַרידן ווייט אַרום, ניט מער באַלעבן זיי,
ניט מער אַריינבלאָזן אין זיי אַ גייסט
און ס׳וועט ניט מער צעפּאַכן זיך אַ יידישע קאַפּאָטע איבער מערק מיט זעק
קאַרטאָפל, מעל און קאַשעס, און אַ האַנט
אַ יידישע וועט ניט אַ הייב טאָן און אַ טאַפּ טאָן ווייך אַ הון, אַ קעלבל ניט קיין
גלעט טאָן... דאָס פויערל אַ שיכורער, ער שמייסט
זיין פערדעלע אין צער, ער שלעפּט די פולע פור צוריק אין דאָרף אַריין...
ניטאָ! ניטאָ קיין יידן מער אין לאַנד!

און קינדער יידישע — זיי וועלן זיך ניט אויפכאַפּן פון שלאָף שוין, פון חלומות
ליכטיק יעדן אין דער פרי —
ניט גיין אין חדר מער, ניט מער פאַרקוקן זיך אויף פייגעלעך, ניט שטיפן מער,
ניט שפּילן זיך אין זאַמד.
אָ, יינגעלעך, איר יידישע, אָ שיינענדיקע אויגעלעך! מלאכימלעך...
פון וואַנען איר? פון הי? און נישט פון הי'
אָ, שאַנקעווזדיקע מיידעלעך, איר ליכטיקע, איר ציכטיקע, כאָטש איינגעריכט
די פנימלעך און נישט פאַרקעמט.

ניטאָ זיי שוין! אָ, פרעגט ניט דאָרט אויף יענע זייטן ים, ניט זוך אויף
כתרילעווקע. ניט אויף יעהופּעץ... לאָזט געמאַך!
זוך ניט קיינעם, ניט די מנחם־מענדעלעך, די טוביה־מילכיקערס, די
שלמה נגידס, די מאָטקע גנבס, אָ ניט זוך!
זיי וועלן דיר, ווי די נביאים דיינע, ווי ישעיה, ירמיה, יחזקאל, ווי הושע,
עמוס פון דעם אייביקן תנ״ך
אַרויסווייִנען אַזוי פון ביאַליקן, אַרויסריידן צו דיר פון שלום־עליכמען,
פון שלום אַשס אַ בוך.

עס וועט דאָס קול פון תורה זיך ניט לאָזן הערן פון ישיבות מער, פון
קיין בית־המדרש, און בחורימלעך בלאַס,
געאיידלטע אין לערנען, אין פאַרטיפן זיך אין דער גמרא, און פאַרטראַכטע זיך...
ניין, ניין ניט בלאַס, עס איז אַזאַ אַ שיין:
פאַרלאָשן שוין... רבנים, ראשי ישיבות, יידן לערנער, גאונים דאַר און קוואַר
און שוואַך און אָנגעפּילט מיט ש״ס,
מיט פּוסקים קליינע יידעלעך מיט גרויסע קעפּ, מיט הויכע שטערנס, אויגן
קלאָר — ניטאָ זיין שוין, זיי וועלן מער ניט זיין.

**רבקה נוה (כ"ץ)**

# לזכר עיירתי גורזד שחרבה בשואה

בֵּיתִי הַיָּקָר שָׁם בְּגוֹרְזְד שֶׁבְּלִיטָא
בֵּיתִי הַקָּטֹן — מַה גָּדוֹל לִי הָיִיתָ!
מִבַּעַד עֲרָפֶל הַשָּׁנִים וַעֲשַׁן חָרְבָּנְךָ
בְּאוֹר שִׁבְעָתַיִם אֶרְאֶה דְּיוֹקָנְךָ.
בִּצָּה בֶּחָצֵר — בָּאָבִיב כְּמוֹ בַּסְּתָו
אוֹר חַשְׁמַל שֶׁנִּדְלָק וְכָבֶה מֵאֵלָיו
סֻלָּם כַּבָּאִים עַל שִׁפּוּעַ שֶׁל גַּג
וַאֲרֻבַּת לְבֵנִים כְּמִין מִגְבַּעַת שֶׁל חַג.
אֵיתָנִים קִירוֹתֶיךָ, רָאוּ כְּבָר דּוֹרוֹת
כָּל כֻּלָּם הֵם קְרָשִׁים מְצֻפִּים עַל קוֹרוֹת.



תלמידי בית הספר העממי. — ראשית שנות העשרים

דָחוּק בֵּין שְׁכֵנֶיךָ, נִכְלָם וְנִפְחָד
לֹא יְהוּדִים שְׁנֵיהֶם כְּאֶחָד:
מִימִינְךָ בֵּית הַסֵּפֶר לְיַלְדֵי הָעֲכָּרִים
מִשְּׂמֹאלְךָ — בֵּית גַּרְזִיל וּמִרְזַח שִׁכּוֹרִים.
הָיְתָה לְךָ כְּתֹבֶת, רְחוֹב, גַּם מִסְפָּר
הַאֻמְנָם גַּם מִזֶּה דָּבָר לֹא נִשְׁאַר?
הוֹי בֵּיתִי בִּרְח׳ קְלִיפֶּדָה שִׁבְעִים וָשֵׁשׁ!
אֵיכָה הָיִיתָ לְמַאֲכֹלֶת אֵשׁ?
וְ„טאַמָאָז׳נע" וְ„גֶעסל" וְכִכַּר הַשּׁוּק כֻּלּוֹ —
וְאִילוּ „פֶּעלקֶע גַאס" שֶׁל הַגּוֹיִים עוֹמֵד עַל תִּלּוֹ?
וְתַרְבּוּת „קלוּמפּעס"* וּבִקְתוֹת עִם גַּג תֶּבֶן
בָּנְתָה עַל חָרְבוֹתֵיכֶם בָּתֵּי גָזִית וָאֶבֶן?
וְהַאֻמְנָם רַק אָנוּ שֶׁזָּכִינוּ וְהִגַּעְנוּ לְכָאן
שָׂרַדְנוּ עַל מְנָת לִבְכּוֹת הַחֻרְבָּן?...
גּוֹרְזְד, בֵּית אָבִי, מַה יָּקָר לִי זִכְרֵךְ
עִם שְׁנוֹת יַלְדוּתִי שְׁזוּרוֹת בְּנוֹפֵךְ.

כֵּן, הָיְתָה גּוֹרְזְד, עֲיָרָה — וְאֵינֶנָּה
וּמוּזָר — כִּי רַבִּים לֹא יָדְעוּ כְּלָל מִמֶּנָּה.
לֹא יָדְעוּ לְמָשָׁל, אֶת יוֹסִי אֱלִיָּה הַשַּׁמָּשׁ
שֶׁהִלּוּכוֹ קְצָת כָּפוּף וְחִיּוּכוֹ אֵינוֹ מָשׁ,
מְחַזֵּר כָּל הַסֻּכּוֹת עִם אֶתְרוֹג וְלוּלָב.
לְזַכּוֹת בְּמִצְוָה הַגְּדוֹלִים עִם הַטָּף.
וְהָיָה בֶּערע וֶועלוּוע, יְהוּדִי בַּר אוּרְיָן,
שֶׁזָּכַר מִשְׁפָּחוֹת לְדוֹרוֹת עַל בּוּרְיָן.
וְהָיָה לֶרֶר לַם, שֶׁהִלּוּכוֹ וּצְעָדָיו
הִפִּילוּ חִתִּיתָם עָלֵינוּ תַּלְמִידָיו.
אַךְ תּוֹרָה שֶׁהִרְבִּיץ בָּנוּ בְּסַרְגֵּלוֹ הַמַּפְחִיד
הָיְתָה צֵידָה נֶאֱמָנָה לְדַרְכֵּנוּ בֶּעָתִיד.
וְהָיָה הָרוֹקֵחַ, אִישׁ קַפְּדָן, נוֹהֵג כְּאָדוֹן

* נעלים של עץ.

הֲתִזְכְּרוּ שֶׁעִם פְּתִיחַת הַדֶּלֶת צִלְצֵל שָׁם פַּעֲמוֹן?
וְהָיְתָה שָׂרָה פְרֵיידֶה — מִי לֹא הִכִּירָה
נוֹשֵׂא כָּל הַבְּדִיחוֹת — אַךְ נְשָׁמָה טְהוֹרָה.
וְהָיָה ר׳ גֶרְשֶׁה פַּייבֶה, תַּלְמִיד חָכָם וְלַמְדָן,
צוֹבֵט בְּחִבָּה לְחִי יֶלֶד קָטָן:
וואָס טַייטְשְׁט „וַיֹּאמֶר״? — שְׁאֵלָה חֲמוּרָה
לִבְחוֹן תִּינוֹקוֹת שֶׁל בֵּית רַבָּן בַּתּוֹרָה.
מֵהַמִּסְפָּרָה שֶׁל מֶלֶךְ וּבֵיתוֹ שֶׁל הָרַב
רח׳ קְלֵיפֶּדָה הָאָרֹךְ עַד אַחֲרוֹן דַּיָּרָיו.
בָּתִּים קְטַנִּים, אֲפֹרִים, לְלֹא פְּאֵר וְהָדָר
רַק נֵרוֹת שַׁבָּת גִּלּוּ מִי בָּהֶם גָּר.
(מִלְּבַד הַשּׁוֹטֵר — אִישׁ שְׂרָרָה מְכֻבָּד
שֶׁצִּפָּה מֵאִמָּא לִפְרוּסָה מֵחַלַּת הַשַּׁבָּת)
יְהוּדִים שֶׁל יוֹמְיוֹם, תְּמִימִים וִישָׁרִים,
נוֹשְׂאִים בְּעֹלָם, בְּעוֹלָמָם כְּמוֹ סְגוּרִים.




יהודים בככר השוק

וּבְנְתִיב חֲלוֹמוֹת לְעוֹלָם גָּדוֹל וְעָשִׁיר
רַכֶּבֶת קְטַנָּה אֶל מֶמֶל הָעִיר.
כָּאן מוֹצְאִים מִחְיָתָם בְּכָל מִשְׁלַח יָד
עֲמֵלִים בָּזֶה וּבַבָּא לְצָרְכֵי כָּל שַׁבָּת.
גַּם לְלוּדְוִיג הַדַּוָּר נוֹשְׂאִים הֵם עֵינָם
מְצַפִּים לְאִגֶּרֶת עִם דוֹלַר מֵעֵבֶר לַיָּם.
לוּדְוִיג! — שָׁנִים אֶת הַבַּיִת בְּמִכְתָּבֵי כֹּה שִׂמַּחְתָּ!
הַאִם גַּם יָדֶיךָ בְּרֶצַח שָׁלַחְתָּ?
וְיוֹנַס וּסְטַסְיָה חוֹטְבֵי הָעֵצִים וְשׁוֹאֲבֵי הַמַּיִם הֵן הָיוּ יְדִידֵינוּ,
כֵּיצַד הָפְכוּ בִּן לַיְלָה לְרוֹצְחֵי יְלָדֵינוּ?...

וְעָבְרוּ כְּבָר שָׁנִים, וְהָיוּ לַעֲשָׂרוֹת
וּמַה מִזִּכְרוֹנוֹתֵינוּ נַנְחִיל לַדּוֹרוֹת?
הֲנְסַפֵּר לִילָדֵינוּ כִּי הָיָה הָיְתָה עֲיָרָה
שֶׁל סוֹחֲרִים וְחֶנְוָנִים וְגַם לוֹמְדֵי תּוֹרָה



חלוצים בהכשרה בגורזד

וַחֲלוּצִים שֶׁל „מִזְרָחִי" וַחֲלוּצִים שֶׁל צ' אֶס'
נוֹשְׂאֵי אִידֵיאָלִים נִשְׂגָּבִים עֲלֵי נֵס;
וַחֲלוֹם מְעֻרְפָּל עַל יְצִיאַת הַגָּלוּת
שֶׁהֻכְרַע בְּמִלְחֶמֶת יוֹם יוֹם בַּדַּלּוּת?
כֵּיצַד בְּלֵילוֹת שֶׁל חֹרֶף בֵּין שְׁלָגִים וּכְפוֹר
חָלַמְנוּ עַל מוֹלֶדֶת שֶׁל שֶׁמֶשׁ וָאוֹר...
וּלְזִמְרַת שִׁכּוֹרִים בְּמוֹצָאֵי יוֹם הַשּׁוּק
שֶׁמָּכְרוּ הָאֲוָזִים וְלָגְמוּ הַבַּקְבּוּק
דִּכְּאנוּ הַפַּחַד בְּזֶמֶר שׁוֹנֶה —
עַל חָלוּץ שֶׁאֵי שָׁם לָנוּ אֶרֶץ בּוֹנֶה;
וְעַל יְרוּשָׁלַיִם — מִלָּה קְדוֹשָׁה בַּסִּדּוּר
וְעַל כַּרְמֶל וְכִנֶּרֶת — מִין דִּמְיוֹן לֹא בָרוּר...
וּלְפִתּוּלֵי „הַמִּינְיָה" בֵּין יֶרֶק שָׂדוֹת
בְּלִבֵּנוּ הִתְלַחֵשׁ הַיַּרְדֵּן שְׁתֵּי גָּדוֹת.
הוֹי! הֲתִזָּרֵם עוֹד „הַמִּינְיָה" לְיַד בֵּית הָעָלְמִין שֶׁחָרְשׁוּ
לְאֵלֶּה שֶׁאֶת יַקִּירֵינוּ רָצְחוּ גַּם יָרְשׁוּ?
וְתִזְרַח עוֹד שָׁם שֶׁמֶשׁ לְחַיּוֹת הָאָדָם
וְלֹא נֶהְפַּךְ יְרֵחָם עוֹד לְדָם?
גוֹרְזְ'ד עֲיָרָתִי, הִנֵּה נִמְחֵית וְאֵינֵךְ
וְכֹה מְעַטִּים הַנּוֹשְׂאִים בְּלִבָּם זִכְרוֹנֵךְ.
וּכְאֵב שֶׁמֵּצִיף אֶת הַלֵּב מִדֵּי פַּעַם
וְאֵי אַתָּה יוֹדֵעַ אִם יָגוֹן הוּא, אִם זַעַם
הֵד „שְׁפֹךְ חֲמָתְךָ" מִפִּי כָּל הַדּוֹרוֹת
עִם שְׁבוּעָה שֶׁל הַדּוֹר:
הוֹי! לָנֶצַח לֹא עוֹד!

## על פלישת הנאצים לגורזד
## ועל רציחת יהודי גורזד הי"ד*

מתוך דו"ח בית המשפט הגרמני בעיר אולם במשפט פושעי הנאצים, כרך ב' עמודים: 105 — 90.

ביום 22.6.1941 החלה ההתקפה הגרמנית נגד הרוסים בהרעשה אוירית מעל העיר טילזיט.

Aus:

K-Z VERBRECHEN VOR DEUTSCHEN GERICHTEN
BAND II

EINSATZKOMMANDO TILSIT
DER PROCESS ZU ULM

HERAUSGEGEBEN VON DR. H.G. VAN DAM UND RALPH GIORDANO

EUROPÄISCHE VERLAGSANSTALT
1966
FRANKFURT a. MAIN

כותרת הפרוטוקול של המשפט על השמדת יהודית גורזד

* מתוך דו"ח בית המשפט הגרמני בעיר אולם במשפט פושעי הנאצים כרך ב' עמודים: 105—90.

1) **הקרב על גורזד** (עמ׳ 90)

הצבא הגרמני פתח בהתקפה על הרוסים. אחד המקומות הראשונים היה גורזד שעל הגבול. באותו זמן מנתה האוכלוסיה בגורזד 3000 תושבים ומהם 700—600 יהודים (עמ׳ 91). ביניהם היו יהודים שעברו לגורזד מהעיר ממל בח׳ מרץ 1939, כשכל מחוז ממל צורף לגרמניה. יהודים אלה בנו להם בגורזד בתים בקצה רח׳ קלאיפדה. המרחק מגורזד לממל הוא 17 ק״מ, והכביש הוביל מהעיר ממל ללויגאַלן דרך גורזד בכיוון טלז.

ההתקפה הגרמנית על גורדז נקבע ליום א׳, 22.6.1941, לשעה 3.05. הגשר מעל נהר מיניה נכבש בשעה 4.10. הם נתקלו בהתנגדות חזקה מצד הרוסים, שגרמו להם אבדות כבדות. בין השאר נפלו שני קצינים גרמניים והיו הרוגים ופצועים בצבא הגרמני התוקף. החיילים הרוסים, שהיו בגורזד, התבצרו בתוך הבתים ונלחמו בחרוף נפש, והגרמנים היו נאלצים לכבוש בית אחר בית. בין השעות 11—10 לפני הצהרים פרצה שרפה, ובתים רבים עלו באש. בשעה 14.00 נשברה התנגדותם של הלוחמים, ובשעה 15.00 נכבשה גורזד ע״י הגרמנים. הרוסים המשיכו לירות מתוך הבתים, והיו קרבות עם הגרמנים פנים אל פנים. לגרמנים היו כמאה הרוגים, ביניהם 7 קצינים והרבה פצועים (עמ׳ 93—92).

2) **איסוף יהודי גורזד ויחד עמם איסוף לא־יהודים חשודים בפעילות קומוניסטית** (עמ׳ 94).

במפקדה הגרמנית נתקבלה ביום 23.6.41 הוראה לאסוף את כל המשפחות היהודיות יחד עם כמה לא־יהודים הידועים כקומוניסטים, להביא אותם לשדה בקרבת לויגאלן, לרכז אותם בשטח ברוחב של 25 מ׳ ולהמית את כולם.

תכנית ההריגה נשמר בסוד ונמסרה רק למפקדי הנאצים בממל ובטילזיט. אלה הפיצו שמועה, שיהודים וקומוניסטים גילו התנגדות לצבא הגרמני ולכן נאסרו. הנכון הוא, שביום פלישתו של הצבא הגרמני לגורזד, 22.6.41, מצאו להם רוב היהודים וכן גם ליטאים מפלט במרתף של בית החרושת לבירה. כשהתקרבו הגרמנים אל המרתף, הכריחו את כל הנמצאים בתוכו לצאת ולהתאסף בככר השוק. כן הובאו לשם כל היהודים שנמצאו עוד בבתיהם. ובגלל השריפה, שפרצה בבתי היהודים בין השעות 11—10 לפה״צ, נלקחו כל היהודים מככר השוק

וגורשו אל גן העיר. שם נשארו כל הלילה ולמחרת, 23.6.41, הובאו כולם אל השטח בין גורזד ובין לויגאלן. עד לשעות אחרי הצהרים הגיע מספרם ל־200 בערך (עמ׳ 95). פקיד המכס בלויגלן דאג, שיביאו ליהודים מזון מהמלאי שהשאירו הרוסים בבית־המכס שבצד הגבול. אחר העברת הגב־רים מגן העיר אל סביבת לויגאלן, נלקחו הנשים והילדים אל שטח במרחק של 300 מ׳ בערך, מעבר לגשר שעל המיניה.

3. **הנאצים מכינים את ביצוע ההריגה** (עמ׳ 96)

לפי הוראת המפקדה הגרמנית, הובאו שוטרים מהערים ממל וטילזיט והוכנו במהירות לביצוע הרציחה. נאמר להם, שהיהודים תקפו את הצבא הגרמני שבא לגורזד כדי לגרש את הרוסים, ולכן נידונו כל היהודים למוות בירייה.

הביצוע האכזרי נקבע ליום 24.6.1941 (עמ׳ 98). תוך איומים בנשק הכריחו את היהודים למסור את כספם וחפצי־ערך שהיו ברשותם. אחרי כן נצטוו כל היהודים לפשוט את מעיליהם ולשים אותם בערמה



ליד קבר הילדים ביער
עומדים: משה שר, שושנה אושר, יצחק זילברג, אליהו אקרמן, סלבה אהרונוביץ

מאחורי בית־המכס הרוסי. הנאצים הכריחו אחדים מבין היהודים לאסוף גוויות של חיילים רוסים, שהיו מפוזרות בשטח. אחרים נצטוו לחפור שוחות ולהרחיב ולהעמיק חפירות־הגנה שחפרו הרוסים. הנאצים הסתערו על היהודים בצריחות והכו בהם במקלות. במיוחד נטפלו לרב זקן, שהיה ניכר במעילו הארוך. כן תפסו בחור יהודי צעיר והאשימו אותו, שאינו עושה את העבודה במהירות הדרושה. הם הובילו אותו אל אחד הבורות והרגו אותו בירייה אקדח בערפו (עמ׳ "10).

4. **ביצוע ההריגה** (עמ׳ 102)

הנאצים הכינו את ביצוע הרציחה לכל פרטיה. היהודים הלכודים בשטח רוכזו מאחורי בית־המכס תחת משמר כבד של המשטרה הנאצית. בין הלקוחים למוות היו גם ליטאים קומוניסטים אחדים, אך כמעט כולם היו יהודי גורזד בני כל הגילים. רובם קבלו את הדין האכזרי בשלווה; אחדים בכו בדממה. התנהגותם השקטה עוררה התפעלות אצל אחדים מבין המרצחים הגרמנים. רק יהודים בודדים — ביניהם נער כבן 12 — פנו אל המרצחים והתחננו, שישאירו אותם בחיים, כי הם חפים מפשע. כשהתברר גם להם, שאין עוד שום סיכוי להצלה מידי המרצחים, השלימו כולם עם גורלם המר. הם הרבו להתפלל, החזיקו אחד בידי השני והתכוננו לדרכם האחרונה (עמ׳ 103).

הנאצים הוציאו את הקרבנות בקבוצות של 10 יהודים, העמידו אותם בקצה הבור הארוך וכיוונו את פניהם מול הנאצים היורים. פלוגת המרצחים מנתה 20 נאצים, שניים שניים מול כל קרבן. בכל פעם בדק המפקד הנאצי, אם כולם אכן נפגעו למוות. השוטרים הגרמנים זרזו כל קבוצת יהודים בהכאות ובצריחות להתקרב אל בור המוות ואילצו אותם לגלגל את גוויות הנרצחים לתוך הבור.

אחדים מבין המרצחים לא יכלו גם הם לשאת את הזוועה שבמרחץ הדמים, והמפקד נאלץ להחליפם ברוצחים אחרים, ביניהם שוטרי העיר ממל. את אלה הכירו מכבר יהודי גורזד, שהיו מקודם תושבי ממל והם: 3 אחים קורפמן, סוחרי־הבקר פונק ושר, התעשיינים ברנשטיין וטויאר, תעשיין־סבון בשם פיינשטיין וכן התושבים: זונדל, פלק * זילבר, קלמן

---

* נראה שהכוונה לזונדע פאלק (המתרגם).

ופריסטוב. א. פיינשטיין הכיר בין המרצחים את השוטר קנופנס מממל, שהיה שנים לפני כן שכנו וידידו ועכשו עמד מולו, כשרובהו מכוון כלפיו. פיינשטיין אמר לו: „גוסטף, ירה בי כראוי״!

בחור צעיר, שהיריה בו לא גרמה למותו, ביקש מהמרצחים: „ירו בי שנית״! בפעולת זוועה זאת נורו למוות 201 איש. המרצחים הנאצים מלאו את קבר הנרצחים בעפר וסעדו את ליבם בשתיית יי״ש (עמ׳ 104).

ביום מר ונמהר זה, 24.6.1941, נרצחו כשליש מבין יהודי גורזד, ה׳ יקום דמם!



המצבה על קבר האחים (הגברים)

אליעזר אַראָנאָווסקי

# ווער האָט מיין שטעטל אָפּגעמעקט פון מאַפּע?

ווער האָט מיר מיין שטעטל
אָפּגעמעקט פון מאַפּע?
וועלכער שוואַרצער טייוול?
וועלכע הינטיש לאַפּע?

האָט מען זיי געפירט דאָרט
אַלע צו דער עקידה? —
אָט די גאַנצע מחנה!
אָט די גאַנצע עדה!

אין פאַרמאַכטע באַנען
צו די טויט־פאַבריקן,
אין דער באָד פאַרנאַרטע
מיטן גאַז צעשטיקן?

צי האָט מען יעדן איינעם,
אין זיין שטוב, אין קעלער,
אויפן הויף און בוידעם,
אויפן גאַס, אין שטעלער —

זיי פאַרמוטשעט אַלע:
מיטן שאַרף פון מעסער,
מיט פריקלאַד פון ביקס —
זאָל דער פיין זיין גרעסער?

ווו איז זייער קבר?
ווו איז זייער רו? —
אין דער ערד פאַרשאָטן,
צי אין הימל ווו?

שוועבן אום די שטויבן,
צי דער אַש אין ווינט?
ווי איז מיר מיין לעבן,
ווי איז מיר און ווינד...

איך וואָלט וועלן ברענגען
אַט דעם שטויב צו קבורה —
און מיט זיי צוזאַמען
ליגן אין איין שורה.

וועט מיין זינדיק לעבן
אויך אַ תקומה האָבן: —
לעבן די קדושים ליגן,
מיט זיי זיין באַגראָבן...

ראַשעל אושר

# דער חורבן פון אונדזער שטעטל גאָרזד

אין יאָר 1939, ווען היטלער דייטשלאַנד האָט פאַרנומען מעמעל, איז די גאָרזדער באַפעלקערונג פאַרבליבן כמעט אָן קיין שום מעגלעכקייטן פון עקזיסטענץ. כדי צו זוכן מקורות פון חיונה, האָבן אַ סך יוגנטלעכע פון גאָרזד און אַפילו גאַנצע פאַמיליעס זיך אַריבערגעקליבן פון גאָרזד אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון ליטע. אָבער דער גרעסטער טייל פון דער גאָרזדער באַפעלקערונג איז פאַרבליבן אויף אָן אָרט.

גאָרזד, וועלכע איז געלעגן האַרט אויף דער גרענעץ מיט דייטשלאַנד, איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער דייטשער אַרמיי, נאָך פריער ווי דאס איז אָפיציעל געמאָלדן געוואָרן וועגן דעם אויסברוך פון דער מלחמה. די גאָרזדער באַפעלקערונג איז פאַרבליבן אויף אָן אָרט.

גלייך ווי די בלוטדורשטיקע פאַשיסטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטעטל, האָבן זיי באַלד אַרויסגעטריבן דער באַפעלקערונג פון די הייזער און אונטערגעצונדן דאָס ביסל איבערגעבליבענע גוטס וואָס איז פאַר־בליבן נאָך דער גרויסער שריפה זומער 1939.

צוויי יידישע בחורים מענדל מאָן און יוסף אַשעראָוויטש, וועלכע האָבן געהאָלפן דעם קליינעם גרענעץ גאַרניזאָן צו שטעלן אַ ווידער־שטאַנד דער אַריינמאַרשירנדער דייטשער אַרמיי, זיינען שפּעטער געפונען געוואָרן טויט לעבן אַ מאַשין־געווער. די היטלעריסטן האָבן אויסגענוצט דעם פאַקט, וואָס יידישע בחורים האָבן געקעמפט קעגן זיי, האָבן זיי אינסצעניזירט אַן עפנטלעכן משפט איבער די מענער אין שטעטל. זיי האָבן אַלע יידישע מענער צונויפגעטריבן אין דער זייט פון שטעטל און געהייסן זיי גראָבן פאַר זיך אַ קבר. ווען דער קבר איז געווען פאַרטיק, האָבן זיי אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל: פאַרן שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער דייטשער אַרמיי, ווערן אַלע מענער פאַרמשפט צום טויט דורך שיסן...

דער טויט־אורטייל איז גלייך אויסגעפירט געוואָרן.

בעת דער עקזעקוציע, איז דער ערשטער העלדיש אומגעקומען מיין שוועסטער טויבעס מאַן מאָטל מאיראָוויטש. ער האָט גוט באַהערשט די דייטשע שפּראַך און אויסהערנדיק דעם טויט־אורטייל, האָט ער אויס־



גערופן: „איר שיסט אונדז, ווייל מיר זיינען יידן, איר זייט טיראַנען, נידערטרעכטיקע הינט, שמוציקע חזירים!״.

ער האָט פאַנאַנדערגעריסן זיין העמד און זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „שיסט, איר וועט טייער באַצאָלן פאַר אונדזער אומשולדיק בלוט!״. די ערשטע קויל האָט אים באַלד געטראָפן און ער איז געפאַלן טויט.

די יידישע פרויען און קינדער האָט מען צונויפגעטריבן אין אַ שטאַל אין אַנעלישקעס (אַ דאָרף לעבן גאָרזד). דאָרטן האָט מען זיי געהאַלטן הונגעריקע אין קעלט און שמוץ אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון

די ליטווישע נאַציאָנאַליסטן. די פרויען האָט מען געטריבן קערן די גאַסן און גראָבן קאַרטאָפל.

ווען די אַרבעט איז געוואָרן פאַרענדיקט, האָט מען אַלעמען, יונג און אַלט דערשאָסן אין אַ זומפּיקן וואַלד. די רציחה איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער 1941. די אַקציע האָבן אַדורכגעפירט שיכורע ליטווישע נאַציאָ־נאַליסטן. אין משך פון אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געווילדעוועט און געשאָסן אויף רעכטס און לינקס. אויף צומאָרגנס האָבן זיי פאַרגעזעצט זייער בלוטיקע אַרבעט און ניט געפינענדיק דעם נעכטיקן קבר האָבן זיי אויס־געגראָבן אַ צווייטן.

אַזוי האָבן פאַרענדיקט זייער לעבן די יידן פון שטעטל און אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון אונדזערע גאָרזדער קדושים, איז איין גרויסער קבר ביים זייט פון שטעטל און צוויי קברים צווישן זומפּן אין וואַלד אויפן וועג צווישן וויזייטש און אַנדעראַמע.

דריי מאַסן־קברים זיינען פאַרבליבן פון אונדזערע טייערע יידן פון שטעטל, וועלכע זיינען אויף אַ גרויזאַמען אופן דערמאָרדעט געוואָרן. עלטערן, ברידער און שוועסטער, פריינט, חברים און אומשולדיקע קינ־



קבר האחים ליד בית דוד וולפוביץ

דערלער. דריי מאַסן־קברים — דאָס איז דער פרישער בית־הקברות פֿון די גאָרזדער יידן.

וועגן אָט דער טראַגעדיע פון אונדזערע גאָרזדערע יידן, האָט דער־ציילט שפעטער רחל יאַמי־גריציענע, וועלכע האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט אַלע פרויען ביז צום סוף ביים קבר און איז דורך אַ צופאַל לעבן געבליבן.

ביים שיסן די פרויען איז זי אַריינגעשפּרונגען אין גרוב און איז דאָרטן געלעגן ביז ס׳איז פינצטער געוואָרן. שפּעט אין דער נאַכט איז זי אַרויסגעקראָכן פון גרוב און איז אַוועק צו זיך אין דאָרף וויזייטש. אַ קורצע צייט האָט איר אויסבאַהאַלטן דער לערער פון דער אָרטיקער ליט־ווישער שולע און שפּעטער האָט ער איר אַיבערגעפירט אויף אַ זיכערן אָרט, ווו זי האָט דערלעבט די באַפרייונג.

רחל יאַמי־גריציענע איז דער איינציקער לעבעדיקער עדות פון דער בלוטיקער טראַגעדיע פון דער גאָרזדער יידישער קהילה.

*

ביים אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַר־באַנד, איז אַ קליינע צאָל יוגנטלעכע פון גאָרזד, וועלכע האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון ליטע, געלונגען צו אַנטלויפן טיף אין רוסלאַנד. צווישן די אַנטלאָפענע בין איך אויך געווען.

גלייך ווי ס׳האָט זיך פאַרמירט די ליטווישע דיוויזיע אויף דער רוסי־שער טעריטאָריע, האָבן מיר גאָרזדער יוגנטלעכע זיך אָנגעשלאָסן אין אירע רייען, ווער פרייוויליק און ווער מאָביליזירט.

אונדזער ווילן איז געווען שטאַרק און שטאָלץ קעמפן קעגן דער היטלעריסטישער אַרמיי און נקמה נעמען פאַר די אומשולדיק־פאַרגאָסענע בלוט פון אונדזערע טייערע אומגעקומענע משפחות.

אין אכזריותדיקע קאַמפן מיטן שונא זיינען העלדיש אומגעקומען :

באָריס מייסאַכאָוויטש,
לייזער־איציק קאָרבמאַן,
גוטל צוקער,
יוכל זילבערג א. אַ.

אין אומצאָליקע קאַמפן זיינען דעם מלחמה־וועג אַדורך ביזן נצחון :



**ליד קבר הנשים שנרצחו בידי הנאצים**
**עומדים: אליהו אקרמן, שיינה ארנשטיין ז"ל לבית יוסלוביץ, אברהם ארנשטיין**

אליהו אַקערמאַן,
חיים רובינשטיין,
יצחק זילבערג,
לייזער וויניק.

איך האָב זיך מאָביליזירט אין דער ליטווישער דיוויזיע פרייוויליק און זיך באַטייליקט אין אַלע קאַמפן פון דער דיוויזיע. דעם לעצטן יאָר פון דער מלחמה האָב איך מיין קאַמף פאַרגעזעצט אין אַ פאַרטיזאַנער־שטאַב.

צוריקקערנדיק זיך נאָך דער מלחמה, האָבן מיר גלייך באַזוכט אונדזער חרוב־געוואָרענע גאַרזד און די קברים פון אונדזערע גאַרזדער קדושים.

מיט אונדזערע גאַנץ באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, האָבן מיר גע־שטעלט דריי מצבות אויף אַלע דריי ברידער־קברים. אַ גרויסן יישר־כוח



ציון על אם הדרך המובילה אל קבר הילדים שנרצחו ע״י הנאצים

פאַרן אָרגאַניזירן און אַוועקשטעלן די מצבות קומט אונדזערע גאַרזדער אַברהם אָרנשטיין און יצחק זילבערג.

עטלעכע יאָר שפּעטער, האָט אויך די אַרטיקע מאַכט געשטעלט אַן אָנדענק־וואַנט לעבן קבר אין וואַלד און ס׳איז אויך געפּלאַסטערט געוואָרן אַ וועג צום קבר.

מיר גאַרזדער, וועלכע האָבן זיך נאָך דאָן געפונען אין ליטע, זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פון דער אָרטיקער מאַכט צו דער דערעפענונג פון מיטינג, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסע צאָל פון דער ליטווישער באַפעלקערונג. אין נאָמען פון די פאַרשטייער פון די געליטענע איז מיר אויסגעקומען צו באַדאַנקען דער אָרטיקער מאַכט פאַר דער איניציאַטיוו אַוועקצושטעלן אַ מאָנומענט נאָך אונדזערע אומגעקומענע גאַרזדער יידן.

אין מיין קורצער רעדע וועלכע איז אין אָוונט טראַנסלירט געוואָרן

אין טעלעוויזיע האָב איך זיך געווענדעט צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג אָפּצוהיטן אויף אַ בכבודיקן אופן די הייליקע ערטער פון אונדזערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער און ערן זייער אָנדענק. גלייכצייטיק האָב איך געשטעמפּלט די פאַררעטערישע טאָטן פון די מערדער און פון די וועלכע האָבן צוגעלייגט אַ האַנט צו אויסמאָרדן אונדזערע נאָענטע און טייערע משפחות.

יעדן זומער פלעגן מיר פאָרן אויף קבר־אָבות כדי כאָטש אַ קורצע צייט צו זיין „צוזאַמען" מיט אונדזערע נאָענטע און טייערע.

זאָל אויף אייביק געהייליקט ווערן זייער אָנדענק.




משיטים קורות עץ על זרם המיניה

ש. קצ׳רגינסקי

## שקט, שקט בני, נחרישה

שקט, שקט, בני, נחרישה!
כאן צומחים קברים,
השונאים אותם נטעו
פה מעברים.

אל פונאר דרכים יובילו,
דרך אין לחזור.
לבלי שוב הלך לו אבא
ועמו האור.

שקט, בני לי, מטמוני לי,
אל נבכה בכאב!
כי בין כה וכה בכינו
לא יבין אויב.

גם הים גבולות וחוף לו,
גם הכלא סיג וסוף לו, —
ענותנו זאת
היא בלי גבולות,
היא בלי גבולות.

תור אביב בא אל ארצך,
לנו סתו אבל.
אור גדול בכל זרוע,
וסביבינו ליל.

כבר הסתו יזהיב צמרת,
המכאוב יגבר.

## שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן...

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן,
קברים וואַקסן דאָ.
ס׳האָבן זיי פאַרפלאַנצט די שונאים,
גרינען זיי צו בלאָ.

ס׳פירן וועגן צו פאָנאַר צו,
ס׳פירט קיין וועג צוריק.
איז דער טאַטע ווו פאַרשוווּנדן,
און מיט אים דאָס גליק.

שטילער, קינד מיינס, וויין ניט, אוצר,
עס העלפט ניט קיין געוויין,
אונדזער אומגליק וועלן שונאים
סיי־ווי ניט פאַרשטיין.

ס׳האָבן ברעגעס אויך די ימען,
ס׳האָבן אויכעט תפיסות צוימען,
נאָר צו אונדזער פּייז
קיין פּיצל שיין.

פרילינג אויפן לאַנד געקומען
און אונדז האַרבסט געבראַכט,
איז דער טאָג היינט פול מיט בלומען,
אונדז זעט נאָר די נאַכט.

גאָלדיקט שוין דער האַרבסט אויף שטאַמען
בליט אין אונדז דער צער,

שכולה האם נשארת:
בנה הוא בפונאר.

מי הוויליה הנכבלת
כבר ישאו דכים,
זועפים קרעי הקרח
נשאים לים.

תמגר חשכת ימינו,
אור גדול יזרח עלינו.
בוא, פרש, עלה!
בנך קורא,
בנך קורא!

שקט, שקט, אל בסער,
מבועי הלב!
עד אשר חומות תפולנה,
נאלם בכאב.

אל נא, בני לי, אל תצחק נא!
לא עת צחוק עכשו;
צר הפך את אביבנו
לעלה בסתו.

אט יפך נא המבוע;
שקט, בן רחום!
עם הדרור ישוב גם אבא...
נומה, נומה, נום.

וכמו ויליה המשוחררת,
כאילן עוטה צמרת,
עוד תזכה לאור,
בבוא הדרור,
בבוא הדרור.

בלייבט פאַריתומט ווי אַ מאַמע,
ס׳קינד גייט אויף פאָנאַר.

ווי די ווילִיע אַ געשמידטע, —
ט׳אויך געיאָכט אין פּיין, —
יאָגן קריעס אייז דורך ליטע
איצט אין ים אַריין.

ס׳ווערט דער חושך ווי צערינען,
פון דער פינסטער ליכטן זונען,
רייטער קומען געשווינד!
דיך רופט דיין קינד.

שטילער, שטילער! ס׳קוועלן קוואַלן
אונדז אין האַרץ אַרום.
ביז דער טויער וועט ניט פאַלן,
זיין מיר מוזן שטום.

פריי ניט, קינד, זיך: ס׳איז דיין שמייכל
היינט פאַר אונדז פאַרראַט:
זען דעם פרילינג זאָל דער שונא
ווי אין האַרבסט אַ בלאַט!

זאָל דער וואַל זיך רויִק פליסן
שטילער זיי און האָף:
מיט דער פרייהייט קומט דער טאַטע;
שלאָף־זשע, קינד מיינס, שלאָף!

ווי די ווילִיע, אַ באַפרייטע,
ווי די בוימער גרין־באַנייטע,
לויכט באַלד פרייהייטס־ליכט
אויף דיין געזיכט.

אליהו אַקערמאַן

# די בלוטיקע וועגן

סוף 1944 אָנפאַנג 1945, ווען עס זיינען אין פולן ברען געגאַנגען די צוגרייטונגען צו שטורעמען די שטאַרק באַפעסטיקטע דייטשע פּאָזיציעס פון קעניגסבערג ווו איך האָב אָנטיילגענומען, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין גאָרזד.

און געשען איז דאָס אַזוי:

מיין מיליטער־טייל האָט זיך דאַן געפונען 90 ק״מ פון גאָרזד — מיין געבוירן־היים, מיין שטעטעלע, וועלכע איך האָב פאַרלאָזן אין 1941טן יאָר. צו יענער צייט איז שוין געווען באַוווּסט, אַז די דייטשן האָבן אויס־געמאָרדעט די יידן פון ליטע און פון אַנדערע לענדער. מיר האָבן דאָס געלייענט אין די צייטונגען, אָבער פונדעסטוועגן האָט נאָך געטליעט אַ האָפענונג: אפשר? אפשר איז דאָך ווער געבליבן לעבן פון מיין משפחה און פון די גאָרזדער יידן? מיין דראַנג צו באַזוכן גאָרזד און זיך אַליין איבערצייגן אין דער טרויערדיקערווירקלעכקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען איך האָב דאָס דערציילט דעם קאָמאַנדיר פון מיין מיליטער־טייל, האָט ער מיר גלייך געגעבן אַ דערלויבעניש צו דערווייטערן זיך אין משך פון 24 שעה פון אונדזער דיסלאָקאַציע־אָרט און זיך באַמיען אָנקומען אין גאָרזד.

דורך דער נאַכט בין איך שוין געווען אין גאָרזד.

עס איז שווער צו באַשרייבן וואָס איך האָב דאַן געפילט זייענדיק אויפן וועג צו גאָרזד. איך בין אַדורכגעגאַנגען טאַווריק, ניישטאָט, ווער־סנע, וואַרזאַן — אַלץ פוסט פון יידן. ס'האָט מיך געעקבערט דאָס געפיל: צי דען איז אויך גאָרזד פוסט פון יידן? צי זיינען ניטאָ די נאָענטסטע און די טייערסטע וואָס מיר האָבן געהאַט?...

אַלץ נענטער צו גאָרזד, האָט מיין האַרץ אָנגעהויבן שטאַרקער צו קלאַפּן. און אָט בין איך שוין אין גאָרזד. דאָס שטעטל פוסט און וויסט, אַלץ אָפּגעברענט, בלויז עטלעכע הייזער זיינען פאַרבליבן דאָ און דאָרט. אָבער גאָרזד איז פול מיט מיליטער פון פאַרשיידענע פאָרמאַציעס פון דער רויטער אַרמיי: טאַנקן, אַרטילעריע, סאַפּיאָרן, פוסגייער.



בית העלמין החרוש. — צולם בשנת 1944

אין דער הויז פון יוסף ארנשטיין איז איינגעשטאַנען די גאַרזדער וואָלסצ׳אוס. איך בין אַריין אינעווייניק. עס קלאַפּט דאָס האַרץ, איך קוק אויף באַקאַנטע פנימער פון גאַרזדער פויערים. די פרוי ערמאַלענע האָט עפּעס וואָס גערעדט מיט אַ רוסישן אָפיציר. דער פראַנט האָט זיך געפונען הינטער לויגאַלן. די שיסערייען האָבן זיך געהערט די גאַנצע צייט.

און אָט גייען מיר צו צו אַ באַקאַנטן פויער קאַפּיצקוס — אָט דער וואָס פלעגט מאַכן אויוונס. ער האָט געלעבט אין שטעטל און ער גיט מיר פּלוצעם אַ זאָג מיט אַ פאַרוווּנדערטן קול, אַז אַלע זאָלן הערן:

„צע מאָטקע אַקערמאַנאָסווינוס״? — „דאָס איז דאָך מאָטקע אַקער־מאַנס זון!״ אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן קוקן אויף מיר מיט פאַר־וווּנדערטע אויגן — צי איז דאָס טאַקע איך? נאָך דעם אויסדרוק פון זייערע פנימער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז קיין גוטע נייעס איז פאַר מיר

ניטאָ. די פּויערים צווישן זיך האָבן זיך גענומען שושקענען... אַ גאָרזדער יינגל, אָנגעטאָן אין מיליטערישער אוניפאָרם מיט אַן אויטאָמאַט און גראַנאַטן אויפן רימען...

נאָך זייער קוקן אויף מיר איז ביי מיר באַלד אַדורך אַ געדאַנק אַז איך דאַרף נקמה נעמען דאָ אויפן אָרט. פאַר מיר איז שוין אַלץ קלאָר... איך דאַרף זיך קיין זאַך ניט דערוויסן — זייערע פּנימער האָבן מיר שוין אַלץ דערציילט...

אין דעם מאָמענט איז צו מיר צו די פרוי ערמאַליענע און האָט צו מיר געזאָגט: — „קום, איך זע אויף דיין פּנים אַז דו ביסט מיד, ניט געשלאָפן און אפשר אויך הענגעריק? קום, מיר וועלן דיר אַלץ דער־ציילן"...

מיר זיינען אַדורך דורכן מאַרק־פּלאַץ און דאָ זאָגט צו מיר ערמאַ־ליענע, אַז דאָ האָט מען צונויפגעטריבן אַלע גאָרזדער מענער שוין גלייך אין דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה. אין אָוונט האָט מען די ליטווישע מענער אָפּגעלאָזט אַהיים און די יידישע מענער אין עלטער פון 16 ביז 50 יאָר, האָט מען אַריינגעטריבן אין לויגאַלן. אויף מאָרגן, דעם 23־סטן יוני 1941 איז אין לויגאַלן פאָרגעקומען אַ משפּט פון די גאָרזדער יידישע מענער. מען האָט זיי באַשולדיקט אין שטעלן אַ ווידערשטאַנד קעגן דער דייטשער אַרמיי.

צווישן די געפאַלענע רוסישע זעלנער וועלכע האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד באַלד אין דער ערשטער שעה פון דער מלחמה, האָט מען אויך געפונען צוויי יידישע בחורים פון גאָרזד, דאָס זיינען געווען מענדל מאַן און יוסף אַשעראָוויטש. דאָס איז געווען די סיבה פון דעם משפּט איבער די גאָרזדער יידישע מענער.

אויף מאָרגן האָט מען זיי געטריבן צוריק אין גאָרזד הינטערן גרענעץ לעבן שמואל ווילפּאָוויטשעס שטוב. דאָרטן האָבן זיי געמוזט אויסגראָבן פאַר זיך אַ גרויסע גרוב און מען האָט זיי דאָרט דערשאָסן...

הינטערן מאַרק־פּלאַץ, מיניע־גאַס, די וועג צום גאָרטן, די וועג צום פוטבאָל־פּלאַץ. דאָ אַרום זיינען אַלע שטיבלעך אויף אַן אָרט. ס'האָט געמאַכט אַזאַ איינדרוק אַז אין אַ האַלבער שטעטל איז קיין מלחמה ניט געווען. אַט דאָ פלעגט מען טרייבן די פרויען אויף אַרבעט פון אַנעלישקער הויף קערן די גאַסן און אַפּרוימען דאָס מיסט.

אין משך פון 3 מאַנאַטן האָט מען זיי געפּייניקט הונגעריקע, אָפּגע־ריסענע, קראַנקע, פאַרפּייניקטע פרויען און קינדער, אַלטע לייט — אַלע זיינען געווען ווי לעבעדיקע מתים. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רעגנס און אַ סך פרויען זיינען קראַנק געוואָרן און האָבן שוין ניט געקענט גיין. די מערדער האָבן באַשלאָסן צו ליקווידירן דעם לעבעדיקן בית־עולם פון אַנעלישקער דאַרזענעס.

אין אַ רעגנדיקן טאָג האָט מען זיי אַרויסגעטריבן אויף ווייצער וועג און זיי געטריבן צו קולער וועג, 6 ק״מ פון ווייזייץ, ווו עס פאַנגט זיך אָן דער גרויסער וואַלד אין דער רעכטער זייט פון וועג. אָט דאָרטן האָט מען זיי געטריבן און דאָרט איז געווען דער לעצטער וועג פון זייער לעבן.

דעם ערשטן טאָג האָבן זיי ניט באַוויזן אַלעמען אויסצושיסן. עס איז אין וואַלד גיך פינצטער געוואָרן. די וואָס מען האָט ניט באַוויזן צו דער־שיסן אין דעם ערשטן טאָג, האָט מען געיאָגט צוריק אין אַנעלישקע און אויפצומאָרגנס איז זיי ווידער פאַרגעשטאַנען צו גיין דעם בלוטיקן וועג. די רוצחים האָבן זיי געטריבן און צוגעאיילט וואָס גיכער אָנצוקומען אויף דעם הריגה־פּלאַץ, איידער עס ווערט פינצטער. די באַנדיטן זיינען געווען שיכור און האָבן ניט געפונען דעם זעלבן אָרט, ווו מ׳האָט נעכטן געשאָסן, האָט מען זיי אַלעמען דערשאָסן אין אַ צווייטן אָרט נענטער צו ווייזייץ בערך 1 ק״מ ווייט פון דעם אָרט.

מען האָט מיר דערציילט אַז די געשרייען און וויינערייען פון די אומגליקלעכע און דער אָפּקלאַנג פון די שיסערייען האָט זיך געהערט אויף ווייטע קילאָמעטערס...

דעם זעלבן פרימאָרגן האָב איך פאַרלאָזן גאַרזד און זיך צוריק־געקערט צו מיין מיליטער איינהייט אויפן פראָנט. די גאַנצע וועג האָט מיר געקלונגען אין די אויערן דער אָפּקלאַנג פון די שיסערייען אין וואַלד.

נאָך דער מלחמה האָבן זיך אין ווילנע צונויפגעקליבן פון פאַר־שיידענע ערטער די עטלעכע לעבנגעבליבענע שארית הפליטה פון גאַרזד. אונדזער פליכט און הייליקער חוב איז געווען אויפצושטעלן 3 מצבות אויף די קברים פון די גאַרזדער קדושים וועלכע זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם פון די הענט פון די דייטשע און ליטווישע בלוטדורשטיקע מערדער. די אַקטיווע אָרגאַניזאַטאָרן פון אויפשטעלן די 3 מצבות

זיינען געווען: אברהם אַרנשטיין, יצחק זילבערג און אַנדערע, וועלכע האָבן ניט געזשאַלעוועט קיין מי און ענערגיע און געטאָן אַלץ אַז די מצבות זאָלן אוועקגעשטעלט ווערן. זיי שטייען נאָך ביזן היינטיקן טאָג. פאַר אונדז — פאַר אַלע גאָרזדער יידן וועלכע זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין דער גאַנצער וועלט וועלן זיי שטיין אייביק, ווייל דאָס איז דער איינציקער זכר וואָס איז פאַרבליבן פון גאָרזדער יידנטום און דאָס טאָרן מיר ניט פאַרגעסן מה שעשה לנו העמלק.

געבענטשט זאָלן זיין די אַלע גאָרזדער אין לאַנד וועלכע האָבן גענומען אויף זיך דעם עול אַרויסצוגעבן אונדזער גאָרזדער יזכור־בוך וואָס וועט זיין אַ סימבאָלישע מצבה נאָך דער חרוב געוואָרענער גאָרזדער יידישער קהילה.



מצבת אבן על אם הדרך המובילה אל קבר הנשים

**מרדכי גבירטיג** (מיידיש — צ. ברמאיר)

## עירתנו בוערת

הריהי בוערת, רחימאים, הריהי בוערת!
עירתנו המסכנת, העניה, בוערת!
נתרגזו רוחות של רוע
ומהרסות, הצת־פרוע,
הכל בוער כבר מסביב.

ואתם נצבים ומביטים כך ביד חובקת!
ואתם רק נצבים ומביטים כך,
איך בוערת שלנו העירת!

הריהי בוערת, רחימאים, הריהי בוערת!
עירתנו המסכנת, העניה, בוערת!
כבר הקרת כל־כולה,
בלשונות של אש בלעה, —
הכל בוער כבר מסביב.

ואתם נצבים ומביטים כך...

הריהי בוערת, רחימאים, הריהי בוערת!
עלול לבוא הרגע והעירת
תשתיר, חלילה, יחד עמכם
כמו אחרי הקרב. —
קורה משחרת ושוממת.

ואתם נצבים ומביטים כך...

הריהי בוערת, רחימאים, הריהי בוערת!
רק ידכם, ידכם היא המצלת!
אם יקרה היא כבבת העין,
קחו כלים, כבו, כבו־נא בידים,
כבו בדם, כבו מיד
והוכיחו כי לא אפסה היד!
אל תעמודו, רחימאים, כמו כך לתום, ביד חובקת!
אל תעמודו, אחים, כבו האש,
כי העירה שלנו הבוערת!

# אונדזער שטעטל ברענט

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען,
אַלץ אַרום שוין ברענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
ס׳האָבן שוין די פייער־צונגען
דאָס גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען —
און די בייזע ווינטן הוזשען,
ס׳גאַנצע שטעטל ברענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט...
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט! ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי עס קען חלילה קומען דער מאָמענט;
אונדזער שטאָט מיט אונדז צוזאַמען
זאָל אויף אַש אַוועק אין פלאַמען,

בלייבן זאָל — ווי נאָר אַ שלאַכט,
נאָר פּוסטע, שוואַרצע ווענט!

אוּן איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
אונדזער שטעטל ברענט...

ס'ברענט! ברידערלעך, ס'ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט,
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.

שטייט ניט, ברידער, אָט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט.
שטייט ניט ברידער, לעשט דאָס פייער —
אונדזער שטעטל ברענט!

# אַ בריוו פון לייב שויס *

**ווי גאָרזדער יידן זיינען אומגעקומען**

ווילנע, 5־טער פעברואַר, 1945.

ליבע אייזיק און זיסל, ליבע שוועגערינס,

איך וועל אייך היינט שרייבן וועגן מיין טראַגישער באַגעגעניש מיט די קברים און חורבות אין גאָרזד.

*

געשען איז די אויסראָטונג פון דער גאָרזדער יידישער באַפעלקערונג אַזוי:

אין דער נאַכט אויפן 22־טן יוני, 5 מינוט נאָך דריי, האָבן אין שטעטל זיך אַריינגעריסן די נאַציס. אַריין זיינען פוסגייער, קיין טאַנקן זיינען אין דער ריכטונג ניט געגאַנגען. דאָס שטעטל האָבן זיי גלייך אונטערגעצונדן און די גאַנצע באַפעלקערונג האָבן זיי צונויפגעטריבן אויפן מאַרק פלאַץ. אין דער פרי זיינען די ליטווינער אָפּגעטיילט געוואָרן באַזונדער. די יידן האָט מען אַרומגערינגלט מיט קוילנוואַרפער און זיך געגרייט זיי צו צעשיסן. דאַן איז פון דער זייט פון דאַווילן, געקומען אַ מאָטאָציקליסט און געהייסן אָפּלייגן די צעשיסונג. גלייך נאָכדעם האָט מען אַלעמען אָפּגעפירט אין גאָרטן, ווו מען האָט זיי אַן עסן און אָן וואַסער געהאַלטן ביז דינסטאָג פרי.

דינסטאָג פרי האָט מען די מענער צונויפגענומען באַזונדער און אָפּגעפירט קיין לויגאַלן, ווו די נאַצישע מענטשנפרעסער האָבן איבער זיי אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל. דער אורטייל איז גלייך דורכגעפירט געוואָרן — דעם 24־סטן יוני 1941, אַרום 1 אַזייגער בייטאָג. די צעשיסונג

* דער בריוו איז געשריבן געוואָרן פון ל. שויס, וועלכער איז געווען דער דירעקטאָר פון „עלטא" (ליטווישע טעלעגראַפן אַגענטור), אין ווילנע צו זיין ברודער א. שטרויס, אין יאָהאַנעסבורג. אין בריוו ווערט איבערגעגעבן וועגן חורבן פון דער ליטווישער שטעטל גאָרזד. (רעדאַקציע).

איז פאַרגעקומען לעבן דוד וואָלפּאָוויטשעס הויז, ביים סאַמע וועג, אין דעם אָרט, ווו פון וועג גייט אַראָפּ אַ וועגל, וואָס פאַרדרייט זיך גלייך אויף פעלקעס גאַס.

אין דעם אָרט זיינען געווען אַקאָפּעס. האָט מען די יידן גופא גע־צוווּנגען זיי צו מאַכן ברייטער און דאַן האָט מען זיי גרופּעסווייז צו 25 מאַן צעשאָסן.

ציט זיך אַ לאַנגער שמאָלער בערגל ערד באַדעקט מיט שנייי. צווישן אייניקע הונדערט מאַרטירער ליגט דער פאָפּאַ. האָבן מיינע טרערן דורכ־געלעכערט די שנייי און זיך אַריינגעזאַפּט אין דער ערד. יאָרן וועלן פאַר־בייגיין, יאָרן וועלן פאַרלויפן, און דאָס דאָזיקע גרויליקע בערגל וועט אייביק פרעסן אויף אונדזער האַרצן און רופן, און מאַנען.

די פרויען און קינדער האָט מען אָפּגעפירט אין אַנעלישקע. דאָ האָט מען זיי געהאַלטן אייניקע חדשים. און געטריבן אויף אַרבעט אין שטעטל. קיינער ווייס ניט גענוי, ווען מען האָט זיי צעשאָסן, נאָר איך ווייס, אַז אין קאָוונער געטאָ איז נאָך אין נאָוועמבער געווען אַ בריוו (געבראַכט דורך אַ ליטווינער), פון אַנעלישקע. די גאָרזדער פויערים זאָגן, אַז מען האָט זיי צעשאָסן אין האַרבסט. צוערשט האָט מען איינגעאָרדנט אַ מענטשנ־פרעסערישע אָרגיע איבער די קינדער — זיי צעריסן לעבעדיקערהייט אויף שטיקער, געשניטן מיט באַיאָנעטן, געמאָרדעט מיט ביקסן. דאַן האָט מען צעשאָסן די פרויען. דער מאַסן־קבר פון די פרויען און קינדער געפינט זיך אין אַ וועלדל אין דאָרף אַשמאַנישקיאַי, ניט ווייט פון וועג, וואָס פירט גאָרזד אויף קול. דאָ האָבן געפונען זייער גרויליקן טויט מאַמאַ און פריידעלע.

גיי איך איבער די חורבות פון שטעטל. לויט ביימער און איבערגע־בליבענע צעמענטענע בריקלעך דערקען איך דעם אָרט פון די הייזער ליגן נאָך אָנגעשאָטן און קיין זאַך איז ניט פאַראַקערט. אָט איז דער בריקל פון אונדזער שטוב — דער הויכער צעמענטענער בריקל, איבער וועלכן עס האָבן געשפּרונגען אונדזערע קינדעריאָרן. אויף אָט דעם בריקל פלעגן מיר שטענדיק באַגעגענען מאַמאַ און פּאָפּאַ, ווען איך פלעג קומען אויף פעריען אַהיים. אויף אָט דעם בריקל — דערמאָן איך זיך — האָב איך זיך מיט דיר געזעגנט, זיסל. ניטאָ מען קיין זאַך הינטערן בריקל. פּאָפּאַ ליגט ביים וועג אין אַ מאַסן־קבר און מאַמאַ און פריידעלע פוילן אין

אשמאנישקער ווערלדל. אויף די חורבות פון אונדזער שטוב שטייען 2 פויערישע כאַטקעס — נאָר אַט איז נאָך אונדזער ברונעם און אַט דערקען איך אַ שטיק וואַנט פון שטאַל, וואָס דער זיידע האָט אונטערגעמויערט פון בעטאָן, און אַט שטייט אין אַ זייט דער צעמענטענער מיסט־קאַסטן, וואָס עס האָט אויך דער זיידע געמאַכט. ווילט זיך פאַרמאַכן די אויגן און איינריידן: אַט גייט דער זיידע דורך דער דאָרזשענע אַריין פון גאָרטן, און די באָבע זיצט ביים שטוב אויפן בריקל. אַט גיי איך אַריין אין שטוב און די מאַמע שטייט ביים פליט, קאָכט און ווישט זיך די טרערן, זיך דערמאָנענדיק אָן אייך, און פאָפאָ זיצט ביים פענצטער און בלעטערט אַ בוך, און פון ווערענדע טראָגט זיך פריידעלעס הילכיקער געלעכטער. אַ חלום, אַ גרויזאַמער חלום. אַט איז די ווירקלעכקייט: קברים און חורבות.

איך וועל ענדיקן. דער היינטיקער בריוו קאָסט מיר אַזוי אויך געזונט.

איך, דבורה און רוטעלע שיקן אייך אַלעמען אונדזערע האַרציקסטע גרוסן.

אייער, לייב




לוח זכרון שהציבו השלטונות הליטאיים על אם הדרך אל קבר הנשים והילדים:
„במקום הזה נתערבו הדי היריות עם זעקות נשים וילדים יהודים
שנורו בידי הפאשיסטים הגרמניים"

## מותו הטרגי של שפטיל בליס

בשנת 1939 עבר שפטיל יחד עם אשתו חנה לבית פיל מממל לקובנה.
בשנת 1941 הוציאו הגרמנים פקודה: על כל יהודי קובנה והאיזור לעזוב את מגוריהם ולעבור לגור בגיטו סלבודקה. עליהם למלא את הפקודה עד ליום 15.8. בין הנכנסים לגיטו היו גם שפטיל בליס ואשתו.
באחד הימים התהלך שפטיל לתומו ברחוב קריקסצוקייטשו שבגיטו. שומר גרמני הבחין בו ולהאנאתו עשה הגרמני שימוש ברובה שבידו ושלח כדור ביהודי המטייל ברחוב. שפטיל נפגע בגבו ונפל מתבוסס בדמו.

## סופו הטרגי של הרוקח מגורזד — האַפטייקר מייסכוביץ

ביום 22.10.1941 הוציאו הגרמנים פקודה, שכל תושבי הגיטו בקובנה־סלבודקה מצווים להתאסף יחד עם משפחותיהם בככר ווילייסיס שבסל־בודקה. בשעות הבוקר התאספו כולם. מסביב לגיטו עמדו הכן רוצחים ליטאים. במקום הופיעו אנשי הגסטפו ובראשם אוברשטורמבנדפיהרר רוקה ופקדו על כולם לפנות ימינה או שמאלה. הפונים שמאלה נלקחו ע״י הליטאים למחנה המות בפורט התשיעי. ביניהם היתה גם פני מייסכו־ביץ, אשתו של הרוקח. מייסכוביץ עצמו נשאר על המגרש יושב במקומו. כשנגשו אליו מצאוהו מת מהתקף־לב.

